# יידישע געשיכטע

## העפטן

פאַרן ערשטן לערן־יאָר
פון יידישער געשיכטע

פון

י. מ. גודלמאַן

•

פאַרלאַג מתנות ניו יאָרק

אַרויסגעגעבן פון
פאַרלאַג „מתנות"
ביים
שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט

# YIDDISHE GESHICHTE

## Heft I

ערשטע אויפלאַגע, סעפטעמבער, 1945
צווייטע אויפלאַגע, אָקטאָבער, 1945
דריטע אויפלאַגע, יאַנואַר 1950
פערטע אויפלאַגע, מאי, 1954
פינפטע אויפלאגע, אָקטאָבער, 1958
זעקסטע אויפלאַגע, אָקטאָבער, 1962



Published by
FARLAG MATONES
41 UNION SQUARE
Nek York 3, N. Y.

Printed in the U.S.A.
by Ogilvie Press, Inc.
Brooklyn 17, N. Y.

# צום לערער

עס איז קלאָר, אַז אויב מיר ווילן לערנען אין אונדזערע יידישע שולן די גאַנצע יידישע געשיכטע, מוזן מיר אָפּקלייבן דאָס יאָדער-דיקע, דאָס וויכטיקסטע, און אויסלאָזן אַ סך פּרטים. די פּאָר טעקסטביכער, וואָס זיינען בנמצא פאַר דעם לימוד געשיכטע, זיינען איבערגעלאָדן מיט אַ סך פּרטים און זיינען לחלוטין ניט צוגעפּאַסט צו דעם עלעמענט קינדער, וואָס לערנען זיך איצט אין אונדזערע שולן.

די אַלע מיטלען, וואָס דער לערער באַנוצט ביים לערנען יידישע געשיכטע, פאַרנעמען קודם כל צופיל צייט און ברענגען קיינמאָל ניט די געווינטשטע רעזולטאַטן. די דיקטירטע אָדער מימעאָגראַ-פירטע נאָטיצן ווערן גאַנץ אָפט פאַרלוירן און זיינען שווער פאַר די קינדער צו לייענען.

אונדזערע קינדער דאַרפן האָבן ניט נאָר נאָטיצן, נאָר טאַקע קורצע טעקסטן, וואָס זיי זאָלן קענען לייענען און איינלערנען אין דער היים, נאָך דעם ווי דער לערער האָט אין קלאַס דערציילט אַ קאַפּיטל געשיכטע. די טעקסטן מוזן ניט אַרומנעמען אַלץ, וואָס דער לערער האָט דערציילט. זיי דאַרפן בלויז איבערגעבן דעם תמצית פון דער לעקציע. אין די טעקסטן דאַרפן די קינדער געפינען דאָס, וואָס מיר ווילן, אַז עס זאָל זיך איינקריצן אין זייער זיכרון.

דאָס איז אייגנטלעך דער ציל פון די דריי געשיכטע-העפטן, וואָס איך האָב צונויפגעשטעלט פאַר די דריי יאָר געשיכטע-לימוד אין דער יידישער פאָלקסשול. די העפטן שעפּן באַין אופן ניט אויס אַלץ, וואָס דער לערער דאַרף דערציילן. ער מעג און דאַרף צוגעבן

אזוי פיל, וויפל ער געפינט פאַר נייטיק און פּאַסיק, און כל המרבה הרי זה משובח.

איך וויל אויסדריקן מיין הארציקסטן דאנק מיינע קאָלעגן לערערם: י. גויכבערג, ל. שפּיטאַלניק, ז. זילבערבערג און י. ליפשיץ פאַר לייענען די טעקסטן און פאַר זייערע חברישע אָנווייזונגען. א דאנק אויך חבר יודל מאַרק פאַר זיין דערמוטיקן מיך אין דער אַר־בעט. א באַזונדערן יישר כוח פאַרדינט חבר ליפּע לעהרער פאַר זיינע גוטע עצות.

איך וועל געווים אָפּשאַצן מיט דאנק אַלע אָנווייזונגען פון חברים לערערם, וואָס וועלן זיך באַנוצן מיט די געשיכטע העפטן, און וועל אויך ווי ווייט מעגלעך זיך רעכענען מיט די אָנווייזונגען אין א ווייטערדיקער אויפלאַגע.

י. מ. גודלמאַן

ניו־יאָרק
1945




מאפע פון כנען לויט שבטים

1

## אונדזער פאָלק

דאָס יידישע פאָלק איז צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. עס איז כמעט נישטאָ קיין לאַנד, וואו עס זאָלן ניט לעבן קיין יידן. וויפל יידן עס זיינען פאַראַן היינט־צו־טאָג אויף דער וועלט, איז שווער צו זאָגן, מען רעכנט, אַז אַרום עלף מיליאָן. פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, איידער היטלער האָט אָנגעהויבן אומצוברענגען די יידן אין די לענדער, וואָס ער האָט פאַרכאַפּט, זיינען אויף דער וועלט געווען אַרום זיבעצן מיליאָן יידן.

דער גרעסטער יידישער צענטער איז אַמעריקע. אין אַמעריקע זיינען פאַראַן אַרום פינף מיליאָן יידן.

ווער זיינען געווען די ערשטע יידן? וואו האָבן זיי געלעבט? ווי האָבן זיי געלעבט? ווי אַזוי זיינען זיי געקומען אין די אַלע לענדער, וואו זיי געפינען זיך איצט?

וועגן דעם וועלן מיר לערנען אין דער יידישער געשיכטע.

די יידישע געשיכטע איז שוין איבער פיר טויזנט יאָר אַלט. ווען מיר לערנען די יידישע געשיכטע, באַקענען מיר זיך מיט דעם לעבן פון יידישן פאָלק פון די גאַר אַלטע צייטן ביז היינטיקן טאָג.

מיר באַקענען זיך מיט אַלע צרות און ליידן, וואָס דאָס יידישע פאָלק האָט איבערגעלעבט אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרן. מיר באַקענען זיך אָבער אויך מיט די יידישע העלדן, וואָס האָבן פאַר־טיידיקט דאָס פאָלק, און מיט די גרויסע יידישע געלערנטע, וואָס האָבן געלעבט מיטן פאָלק און עס געלערנט צו גיין אויף גוטע און גערעכטע וועגן.

2

## די ערשטע יידן

צווישן אַזיע און אַפריקע געפינט זיך די אַראַבישע מידבר (וויסטעניש). אַמאָל, מיט אַרום פיר טויזנט יאָר צוריק, האָבן אין אָט דער מידבר אַרומגעוואַנדערט גרויסע פאַמיליעס פאַסטעכער. זיי האָבן ניט געהאַט קיין שטענדיקע היימען. זיי האָבן אַרום־

## יידישע געשיכטע העפטן

געוואנדערט מיט זייערע שאָף און ציגן פון איין אָאזיס צום צווייטן. דאָרט האָבן זיי אויפגעשטעלט זייערע ביידלעך און גע־וואוינט אין זיי, ביז די שאָף האָבן אָפּגעגעסן דאָס גאַנצע גראָז. דעמאָלט האָבן זיי זיך אַריבערגעקליבן אויף אַ צווייטן אָאזיס.

יעדע פון די גרויסע פאַמיליעס האָט געהייסן אַ שבט. דער עלטסטער מאַן פון שבט איז געווען דער פירער און אַלע האָבן אים געמוזט פאָלגן. נאָך זיין טויט איז דער עלטסטער זון זיינער געוואָרן דער פירער פון שבט.

די מענטשן פון יענער צייט האָבן געגלייבט, אַז עס זיינען פאַראַן אַ סך געטער. זיי האָבן געהאַלטן די זון, די לבנה און די שטערן פאַר געטער. זיי האָבן זיך געמאַכט געצן פון האָלץ און פון שטיין. צו זיי האָבן די פּאַרצייטיקע מענטשן געדינט און געבראַכט קרבנות, כדי די געטער זאָלן זיין גוט צו זיי.

צווישן די וואַנדערנדיקע פּאַסטעכער איז געווען אַ שבט, וואָס האָט זיך גערופן „עברים״. פון דעם שבט זיינען אַרויסגעקומען די ערשטע יידן. דער עלטסטער פון דעם שבט איז געווען אברהם. ווייל מיר קומען אַרויס פון אברהמען, רופן מיר אים „אברהם אָבינו״.

3

## די אָבות

אברהמס פאָטער, תרח, איז געווען אַ געצנדינער. אברהם האָט נאָך יונגערהייט פאַרשטאַנען, אַז עס איז נאַריש צו דינען צו געצן. ער האָט אָנגעהויבן גלייבן, אַז עס איז פאַראַן נאָר איין גאָט, וואָס האָט אַלצדינג באַשאַפן.

אברהם מיט זיין פאַמיליע האָט פאַרלאָזט דאָס אָרט פון זיין געבוירן און האָט אָנגעהויבן וואַנדערן און זוכן אַ נייע היים. אַ לאַנגע צייט האָט אברהם אַרומגעוואַנדערט, ביז ער איז אָנגעקומען אין לאַנד כנען.

דאָס לאַנד כנען געפינט זיך אין אַזיע, אויפן ברעג פון מיטל־לענדישן ים. די גריכן האָבן דאָס לאַנד אָנגערופן „פּאַלעסטינע.״ ווען דאָס איז געוואָרן דאָס לאַנד פון יידישן פאָלק, האָט מען עס אָנגעהויבן רופן ארץ־ישראל.

## יידישע געשיכטע העפטן

אין כנען האָבן דעמאָלט געלעבט אַנדערע קליינע פעלקער און אברהם האָט זיך באַזעצט צווישן זיי.

דאָרט איז ביי אברהמען און ביי זיין ווייב, שרהן, געבוירן געוואָרן אַ זון. זיי האָבן אים אַ נאָמען געגעבן — יצחק.

ווען יצחק איז אונטערגעוואַקסן, האָט אברהם ניט געוואָלט, אַז ער זאָל חתונה האָבן מיט אַ פרוי פון די פרעמדע פעלקער, און ער האָט דערפאַר געשיקט זיין קנעכט, אליעזר, אין דעם לאַנד פון זיין געבוירן צו געפינען דאָרט אַ ווייב פאַר יצחקן.

יצחקס ווייב, רבקה, האָט געבוירן צוויי זין, יעקב און עשו. עשו האָט שפּעטער זיך אָפּגעריסן פון דער פאַמיליע.

יעקב האָט געהאַט פיר ווייבער. די ווייבער האָבן געהאַט צוועלף זין.

יעקבן האָט מען אויך גערופן „ישראל". דערפאַר רופט מען די יידן „בני ישראל" — די קינדער פון ישראל.

אברהם, יצחק און יעקב ווערן גערופן די „אָבות" — פאָטערס — פון יידישן פאָלק.

### 4

## די יידן אין מצרים

דער חומש דערציילט, אַז יעקב האָט ליב געהאַט זיין זון, יוספן, מער פון אַלע קינדער. יעקבס זין האָבן פיינט געהאַט יוספן, ווייל ער האָט זיך גרוים געהאַלטן קעגן זיי. איין מאָל, ווען יוסף האָט געבראַכט די ברידער עסן אין פעלד, האָבן זיי אים פאַרקויפט צו פאַרבייגייענדיקע ישמעאלים. יעקבן האָבן די זין דערציילט, אַז אַ ווילדע חיה האָט פאַרצוקט יוספן.

די ישמעאלים האָבן געבראַכט יוספן קיין מצרים און האָבן אים דאָרט פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט. אין אַ צייט אַרום איז יוסף דורך אַ גליקלעכן צופאַל געבראַכט געוואָרן צום קעניג פון מצרים (פרעה). דער קעניג האָט אים געמאַכט פאַר שני למלך (וויצע-קעניג) און האָט אים באַשטימט פאַר פאַרוואַלטער פון גאַנצן עסנוואַרג אין לאַנד.

אין יענער צייט איז אין כנען געוואָרן אַ גרויסער הונגער. עס האָבן אויסגעטריקנט די וואַסערן אין די ברונעמער און עס האָט אויסגעפעלט עסן פאַר מענטשן און שאָף.

ווען יעקב האָט זיך דערוואוסט, אַז אין מצרים איז פּאַראַן שפּייז, האָט ער געשיקט זיינע זין אַהין איינצוקויפן עסן.

ווען יעקבס זין זיינען אָנגעקומען קיין מצרים, האָט יוסף זיי גלייך דערקענט. ער האָט זיי מוחל געווען דאָס שלעכטס, וואָס זיי האָבן אים געטאָן. ער האָט אַראָפּגעבראַכט קיין מצרים זיין אַלטן טאַטן, יעקבן, צוזאַמען מיט די פאַמיליעס פון זיינע ברידער.

זיי האָבן זיך אַלע באַזעצט אין גושן און האָבן דאָרט געפירט אַ רואיק לעבן פון פּאַסטעכער.

אַזוי איז אַוועק אַ לאַנגע צייט. יעקב און יוסף זיינען געשטאָרבן. אין מצרים איז אויפגעקומען אַ נייער פּרעה. דער נייער פּרעה האָט געמאַכט די יידן פאַר שקלאַפן. ער האָט זיי געצוואונגען צו קנעטן ליים און מאַכן ציגל, צו בויען פּאַלאַצן, שטעט און פּיראַמידן. איבער די יידישע שקלאַפן האָט פּרעה אַוועקגעשטעלט אויפזעערס, וואָס האָבן געשלאָגן און געפּייניקט די יידן.

שווער איז געווען דאָס לעבן פון די יידן, אָבער דאָס ערגסטע איז געווען אַ באַפעל, וואָס פּרעה האָט אַרויסגעגעבן. ער האָט מורא געהאַט, אַז די יידן וועלן זיך פאַרמערן און וועלן ווערן שטאַרק. דעמאָלט וועלן זיי מאַכן אַן אויפשטאַנד קעגן אים. האָט פּרעה דערפאַר באַפוילן, אַז אַלע ניי־געבוירענע יינגלעך זאָל מען אַריינוואַרפן אין טייך ניל.

## 5

## מ ש ה

איינע פון די יידישע פרויען, יוכבד, האָט געבוירן אַ יינגל. די מוטער האָט אַ שטיקל צייט אויסבאַהאַלטן דאָס קינד, דערנאָך האָט זי עס אַריינגעלייגט אין אַ קעסטל, און מרים, דעם קינדס שוועסטער, האָט עס אַוועקגעטראָגן צום ברעג טייך. אַליין איז זי געבליבן שטיין פון דער ווייטנס צו זען, וואָס מיטן קינד וועט געשען.

פּרעהס טאָכטער איז געקומען זיך באָדן אין טייך. זי האָט דערזען דאָס קעסטל און האָט געשיקט איר דינסט נאָך דעם. ווען

# יידישע געשיכטע העפטן

די פרינצעסין האָט דערזען דאָס קינד, איז עס איר אַזוי שטאַרק געפעלן געוואָרן, אַז זי האָט באַשלאָסן עס נעמען צו זיך.

זי האָט געוואָלט געפינען אַן אַם, וואָס זאָל אויפהאָדעווען דאָס קינד. האָט מרים געבראַכט איר מוטער און די פרינצעסין האָט איר געגעבן דאָס קינד צו האָדעווען. ווען משה איז אונטערגעוואַקסן, האָט פּרעהס טאָכטער אים גענומען צו זיך. זי האָט אים אַ נאָמען געגעבן „משה" — אַרויסגעצויגענער פון וואַסער.

משה האָט ניט פאַרגעסן, אַז ער איז אַ ייד. ווען ער איז עלטער געוואָרן, האָט אים זייער וויי געטאָן צו זען, ווי שווער די פאַר־שקלאַפטע יידן אַרבעטן.

איינמאָל האָט משה דערזען, ווי אַ מצרישער אויפזעער שלאָגט אַ יידישן שקלאַף. משה האָט דעם אויפזעער דערהרגעט און האָט זיין קערפּער באַהאַלטן אין זאַמד. ער האָט אָבער מורא געהאַט, טאָמער וועט זיך פּרעה דערוויסן, וועט ער אים שווער באַשטראָפן, איז ער דערפאַר אַנטלאָפן אין דער מידבר.

אין מדבר האָט משה געלעבט עטלעכע יאָר. ער איז דאָרט געווען אַ פאַסטעך. ער האָט אָבער די גאַנצע צייט ניט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן זיינע פאַרשקלאַפטע ברידער אין מצרים.

איין מאָל האָט משה געפיטערט זיינע שאָף אויף אַ באַרג. פּלוצלונג האָט ער דערזען פון וויטנס אַ דאָרן, וואָס האָט געברענט און איז ניט פאַרברענט געוואָרן. משה האָט געוואָלט צוגיין נענטער. ער האָט אָבער דערהערט אַ שטים פון דאָרן: „משה, משה, זאָלסט ניט גענענען אַהער! טו אויס דיינע שיך פון דיינע פיס, וואָרום דאָס אָרט, וואָס דו שטייסט אויף אים, דאָס איז הייליקע ערד... איך בין דער גאָט פון דיין פאָטער, דער גאָט פון אַבּרהמען, דער גאָט פון יצחקן און דער גאָט פון יעקבן... דאָס געשריי פון די קינדער פון ישראל איז געקומען צו מיר און איך האָב אויך געזען די דריקונג, וואָס די מצרים דריקן זיי. דערפאַר קום אַצינד און איך וועל דיך שיקן צו פּרעהן און צי אַרויס מיין פאָלק, די קינדער פון ישראל, פון מצרים."

און משה האָט געפאָלגט די שטים פון גאָט און האָט זיך צוריקגעקערט קיין מצרים.

6

## די באַפרייאונג

פרעה האָט ניט געוואָלט פאַרלירן זיינע שקלאַפן. דער-חומש דערציילט, אַז גאָט האָט געבראַכט אויף מצרים צען מכות און האָט דורך דעם געצוואונגען פּרעהן אַרויסצולאָזן די יידן.

משה האָט אַרויסגעפירט די יידן פון דעם לאַנד פון קנעכט-שאַפט און זיי זיינען צוגעקומען צום רויטן ים (ים סוף). דערווייל האָט פרעה חרטה געהאַט, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט די יידן און ער האָט זיי נאָכגעיאָגט, כדי זיי צוריקצוברענגען קיין מצרים.

דאָ איז געשען אַ וואונדער: די וואַסערן פון ים האָבן זיך פאַנאַנדערגעטיילט און די יידן זיינען אַריבער דעם ים אין דער טריקעניש. ווען די מצרים מיט זייערע רייטוועגענער האָבן זיי נאָכגעיאָגט, זיינען זיך די וואַסערן ווידער צוזאַמענגעקומען און די מצרים זיינען אַלע דערטרונקען געוואָרן.

משה האָט געפירט די יידן אין דער מידבר. ער האָט זיי געוואָלט פירן אין דעם לאַנד כנען, וואו זייערע אָבות האָבן גע-לעבט אַמאָל.

אין דער מידבר האָט אָפט אויסגעפעלט עסן און טרינקען. די קנעכט וואָס זיינען נאָר וואָס באַפרייט געוואָרן האָבן אָפט באַשול-דיקט משהן, אַז ער האָט זיי אַרויסגעפירט פון מצרים, כדי זיי זאָלן אויסשטאַרבן פון הונגער און דורשט. דער חומש דערציילט, אַז משה האָט אין דער מידבר אָנגעוויזן די יידן אויף דעם מן און זיי האָבן זיך מיט דעם געשפּייזט. משה האָט אויך מיט זיין שטעקן געשלאָגן אַ גרויסן שטיין און פון דאָרט אַרויסגעשלאָגן וואַסער.

די גאַנצע צייט, וואָס די יידן האָבן אַרומגעוואַנדערט אין מידבר, איז משה געווען זייער פירער, וועגווייזער און לערער. ער האָט זיי געלערנט ווי זיך אויפצופירן, ווען זיי וועלן אָנקומען אין דעם צוגעזאָגטן לאַנד כנען.

## 7

# מתן תורה

אין מידבר האָט משה צוגעפירט די יידן צום באַרג סיני. משה האָט אַרומגעשטעלט דאָס גאַנצע פאָלק אַרום באַרג און האָט באַפוילן, אַז אַלע יידן זאָלן דריי טעג האַלטן ריין זייערע קערפּערס. משה אַליין איז אַרויפגעגאַנגען אויפן באַרג.

און דער גאַנצער באַרג סיני איז געוועזן איינגעהילט אין פייער און עס האָט געדונערט און געבליצט. דער באַרג האָט שטאַרק געציטערט און פון דעם געדיכטן רויך האָט זיך דערהערט אַ שטים:

א) איך בין יהוה דיין גאָט, וואָס האָט דיך אַרויסגעצויגן פון לאַנד מצרים, פון דעם הויז פון קנעכטשאַפט.

ב) זאָלסט ניט האָבן קיין אַנדערע געטער פאַר מיין פנים.

ג) זאָלסט ניט אַרויפברענגען דעם נאָמען פון יהוה דיין גאָט צום פאַלשן.

ד) געדענק דעם טאָג פון שבת אים צו האַלטן הייליק. זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטן און טאָן אַלע דיינע מלאכות, אָבער דער זיבעטער טאָג זאָל זיין שבת. זאָלסט ניט טאָן קיין מלאכה, דו, דיין זון און דיין טאָכטער, דיין קנעכט און דיין דינסט, און דיין בהמה, און דער פרעמדער וואָס איז אין דיינע טויערן.

ה) האַלט אין כבוד דיין פאָטער און דיין מוטער.

ו) זאָלסט ניט מאָרדן.

ז) זאָלסט ניט זיין צעלאָזן.

ח) זאָלסט ניט גנבענען.

ט) זאָלסט ניט זאָגן פאַלשע עדות.

י) זאָלסט ניט גלוסטן דיין חברס הויז, אָדער זיין קנעכט, אָדער זיין דינסט, אָדער זיין אָקס, אָדער זיין אייזל, אָדער וואָס נאָר עס איז דיין חברס.

## 8
# דער עגל

משה איז געווען אויפן באַרג סיני פערציק טעג און פערציק נעכט. ווען דאָס פאָלק האָט געזען, אַז משה זאַמט זיך, האָט עס זיך געווענדט צו אַהרנען, משהס ברודער, און אים געזאָגט:

— מאַך אונדז אַ גאָט, וואָס זאָל גיין פאַר אונדז, ווייל מיר ווייסן ניט, וואָס מיט משהן איז געוואָרן.

און די יידן האָבן געבראַכט אַהרנען זייער גאָלדענע צירונג, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון מצרים, און אהרן האָט עס צע־שמאָלצן און אויסגעגאָסן אַ געץ אין דעם געשטאַלט פון אַ קאַלב — אַן עגל.

און די יידן האָבן געבראַכט קרבנות צום עגל און געזונגען און געטאַנצט אַרום אים.

פונקט דעמאָלט איז משה אַרונטערגעקומען פון באַרג. אין זיינע הענט האָט ער געטראָגן צוויי שטיינערנע טאָוולען, די לוחות, אויף וועלכע עס זיינען געווען אויסגעקריצט די צען געבאָטן (עשרת הדברות).

ווען משה האָט דערזען דעם עגל און ווי די יידן טאַנצן אַרום אים, איז ער אַריין אין גרוים צאָרן. ער האָט אַ וואָרף געטאָן פון זיינע הענט די לוחות און האָט זיי צעבראָכן אויף שטיקלעך. ער האָט גענומען דעם עגל און האָט אים פאַרברענט.

משה איז צום צווייטן מאָל אַרויפגעגאַנגען אויפן באַרג סיני און האָט דאָרט אויסגעהאַקט צוויי שטיינערנע לוחות אַזוי ווי די ערשטע. ער האָט באַשוואוירן די יידן אָפּצוהיטן די געזעצן, וואָס זיי האָבן באַקומען אויפן באַרג סיני.

די צוויי לוחות מיט די עשרת הדברות האָט משה אַריינגעלייגט אין אַ קאַסטן (אָרון) און די יידן האָבן מיטגעפירט מיט זיך דעם אָרון וואוהין זיי זיינען געגאַנגען.

משה האָט אויך אָנגעזאָגט די יידן צו געדענקען אויף שטענדיק די טעג, ווען זיי זיינען באַפרייט געוואָרן פון קנעכטשאַפט אין לאַנד מצרים, און צו מאַכן יעדער יאָר דעם יום־טוב פסח אין אָנדענק פון זייער באַפרייאונג. אין די טעג פון פסח זאָלן זיי עסן מצות פאַר אַן אָנדענק, אַז ווען זיי זיינען אַרויס פון מצרים אין איילעניש, האָבן זיי געבאַקן מצות אַנשטאָט ברויט.

9

## משהס טויט. יהושוע

פערציק יאָר האָבן די יידן אַרומגעוואַנדערט אין מידבר אונטער משהס פירונג. אין די פערציק יאָר איז אויסגעוואַקסן אַ נייער דור יידן, וואָס האָט ניט געוואוסט פון קיין שקלאַפעריי, און דער אַלטער דור איז ביסלעכווייז אויסגעשטאָרבן.

ענדלעך האָט משה צוגעפירט די יידן צום טייך ירדן. אויף דער צווייטער זייט האָט מען שוין געקאָנט זען דאָס לאַנד כנען, וואוהין משה האָט די גאַנצע צייט געפירט דאָס פאָלק.

אָבער משהן איז ניט געווען באַשערט אַריינצופירן די יידן אין דעם צוגעזאָגטן לאַנד. דער חומש דערציילט, אַז גאָט האָט געזאָגט צו משהן: „דאָס איז דאָס לאַנד, וואָס איך האָב געשוואָרן צו אברהמען, צו יצחקן און צו יעקבן. איך האָב דיך געלאָזט זען מיט דיינע אויגן, אָבער אַהין אַריבערקומען וועסטו ניט.״ משה האָט פאַרזאַמלט דאָס פאָלק אַרום זיך און האָט באַשטימט זיין געטרייען תלמיד, יהושוע בן נון, פאַרן פירער. ער האָט באַשוואוירן די יידן צו פאָלגן יהושוען פונקט ווי זיי האָבן אים געפאָלגט.

דערנאָך האָט משה זיך געזעגנט מיטן פאָלק. ער האָט דער־מאָנט די יידן אַלץ, וואָס מיט זיי איז פאָרגעקומען אין דער מידבר, און האָט זיי געבענטשט. ער איז אַרויפגעגאַנגען אויף דעם באַרג נבו, פון וואַנען ער האָט געזען דאָס גאַנצע לאַנד כנען.

אויף דעם באַרג איז משה געשטאָרבן. מען האָט אים באַגראָבן אין טאָל, און ביז היינטיקן טאָג ווייסט ניט קיין מענטש וואו זיין קבר געפינט זיך. משה איז אַלט געווען הונדערט און צוואַנציק יאָר, ווען ער איז געשטאָרבן, אָבער זיין אויג איז ניט געווען טונקל און זיין פרישקייט איז ניט אַוועק.

דאָס פאָלק האָט דרייסיק טעג געטרויערט און באַוויינט דעם גרויסן פירער און לערער, וואָס האָט פון שקלאַפן באַשאַפן אַ פריי פאָלק.

דאָס פאָלק האָט משהן גערופן „משה רבנו״ — משה אונדזער לערער.

# יידישע געשיכטע העפטן

דער נייער פירער, יהושוע בן נון, האָט אַריבערגעפירט די יידן איבערן ירדן. ביסלעכווייז האָבן די יידן איינגענומען טיילן פון כנען און האָבן זיך דאָרט באַזעצט.

דאָס פאָלק איז געווען איינגעטיילט אין צוועלף שבטים, וואָס האָבן זיך גערופן אויף די נעמען פון יעקבס זין. יעדער שבט האָט באַקומען אַ חלק פון דער איינגענומענער ערד.

## 10

## די שופטים

אין כנען האָבן געלעבט אַנדערע פעלקער. זיי פלעגן זיך אָפט פאַראייניקן צווישן זיך און באַפאַלן די יידישע שבטים, וואָס האָבן געלעבט אָפּגעזונדערט איינער פון צווייטן. די יידן איז געווען זייער שווער זיך צו פאַרטיידיקן קעגן זייערע שונאים.

אָפטמאָל האָבן זיך עטלעכע שבטים פאַראייניקט אונטער דער פירונג פון אַ שטאַרקן העלד און פאַרטריבן זייערע פיינט. אַזאַ העלד האָט מען גערופן „שופט.” דער שופט איז אין צייט פון פרידן געווען דער ריכטער פון שבט. צו אים איז מען געקומען נאָך עצות און ער האָט געמשפּט דאָס פאָלק. אין צייט פון אַן אָנפאַל פון אַ שונא איז דער שופט געוואָרן דער קריגספירער.

פון די אַרומיקע פעלקער האָבן די יידן זיך ביסלעכווייז אָפּגע־לערנט פרעמדע מנהגים און האָבן אָנגעהויבן דינען צו די געטער פון די פרעמדע פעלקער. די שופטים האָבן שטענדיק געלערנט די יידן ניט צו פאַרגעסן דעם יידישן גאָט און די געזעצן, וואָס זיי האָבן באַקומען פון משהן.

אין דעם ספר „שופטים” ווערט דערציילט וועגן עטלעכע שופטים, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער העלדישקייט קעגן די יידישע שונאים.

עס איז געווען אַ שופט, אַ פרוי, דבורה הנביאה. זי פלעגט זיצן אונטער אַ טייטלבוים און דאָס פאָלק פלעגט קומען צו איר זיך משפטן און הערן אירע קלוגע רייד.

איין מאָל איז אַ שונא אָנגעפאַלן אויף צוויי יידישע שבטים. דער פירער פון דעם שונא איז געווען דער קריגספירער סיסרא. די יידן האָבן זיך שטאַרק געשראָקן פאַר סיסראָן מיט זיינע רייט־

וועגענער. דבורה די נביאה האָט אָבער דערמוטיקט די יידן. זי איז צוזאַמען מיט דעם יידישן העלד, ברק, אַרויסגעטראָטן קעגן דעם שונא. די יידן האָבן צעשלאָגן סיסראָן מיט זיין אַרמיי.

ווען אַ צווייטן שופט, גדעון, ווערט דערציילט, אַז ער האָט ניט געקאָנט צוזען, ווי די שונאים פאַרגיסן דאָס בלוט פון זיינע ברידער. ער האָט אויסגעקליבן דריי הונדערט שטאַרקע יונגע מענער און איז אין מיטן דער נאַכט באַפאַלן דעם שונא פון דריי זייטן. די יונגע מענער האָבן געטראָגן אין די הענט ברענענדיקע פאַקלען און האָבן געבלאָזן אין שופרות און געשריען: „אַ שווערד פאַר גאָט און פאַר גדעונען!" דער שונא איז צעטומלט געוואָרן און איז זיך צעלאָפן. גדעון און זיינע העלדן האָבן זיי נאָכגעיאָגט און האָבן זיי אינגאַנצן פאַרטריבן. דאָס פאָלק האָט געוואָלט מאַכן גדעונען פאַר אַ קעניג, אָבער ער האָט געענטפערט: „ניט איך וועל הערשן איבער אייך און ניט מיין זון וועט הערשן איבער אייך; גאָט וועט הערשן איבער אייך."

דער שטאַרקסטער שופט איז געווען שמשון הגבור. ער האָט געקעמפט קעגן די ערגסטע שונאים פון די יידן, די פלישתים. זיי פלעגן אָפט אָנפאַלן דאָ אויף איין שבט, דאָ אויף אַ צווייטן, צונעמען די שאָף, פאַרברענען די פעלדער און אויסהרגענען די מענער. שמשון איז איינער אַליין אַרויסגעטראָטן קעגן די פלישתים און האָט זיי צעשלאָגן.

שמשון האָט זיך פאַרליבט אין אַ פלישתי-מיידל, דלילה. די פלישתים האָבן אָנגערעדט דלילהן, אַז זי זאָל אויסגעפינען אין וואָס עס ליגט שמשונס כוח. עטלעכע מאָל האָט שמשון זי אָפּגענאַרט, אָבער צום סוף האָט ער איר אויסגעזאָגט, אַז זיין גבורה ליגט אין זיינע ניט געשווירענע האָר.

איין מאָל, ווען שמשון איז איינגעשלאָפן, האָט דלילה געשיקט רופן די פלישתים. זיי האָבן אָפּגעשוירן שמשונס לאַנגע האָר און ער האָט זיך שוין מער ניט געקאָנט אַנטקעגנשטעלן די פלישתים. זיי האָבן אים אויסגעשטאָכן די אויגן און אים געצוואונגען שווער צו אַרבעטן.

אין אַ צייט אַרום האָבן די פלישתים געמאַכט אַ גרויסן יום-טוב אין זייער טעמפּל. זיי האָבן אַהין געבראַכט שמשונען, אַז ער זאָל זיי פריילעך מאַכן. שמשונס האָר זיינען שוין געווען ווידער אָנגעוואַקסן און ער האָט דערפילט אין זיך זיין אַמאָליקן כוח. ער

## יידישע געשיכטע העפטן

האָט זיך מיט אַלע כוחות אָנגעשפּאַרט אויף די מיטלסטע זיילן פון טעמפּל און האָט אויסגערופן: „לאָמיך שטאַרבן אינאיינעם מיט די פּלישתים!" די זיילן האָבן זיך איינגעבויגן און דער טעמפּל איז איינגעפאַלן. אַלע פּלישתים, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, זיינען דערהרגעט געוואָרן און צוזאַמען מיט זיי איז אויך אומגעקומען דער שטאַרקער יידישער העלד, שמשון.

11

## די גרינדונג פון דער מלוכה

שווער האָט זיך געלעבט די אָפּגעזונדערטע יידישע שבטים צווישן די פרעמדע פעלקער אין כנען. פון אַלע זייטן זיינען זיי געווען אַרומגערינגלט מיט שונאים. די שונאים זיינען געווען פאַר־אייניקט און די יידישע שבטים האָבן איינגעזען, אַז זיי מוזן זיך אויך פאַראייניקן. זיי מוזן האָבן אַ קעניג איבערן גאַנצן פאָלק.

אין יענער צייט האָט געלעבט שמואל הנביא. ער איז געווען אַ שופט און אויך אַ לערער פון פאָלק. ער פלעגט אַרומגיין איבער די יידישע שטעט און לערנען דאָס פאָלק. ער האָט גערופן די יידן אָפּ־צוהיטן שטרענג די געזעצן, וואָס משה האָט זיי געגעבן. דאָס פאָלק האָט ליב געהאַט שמואלן און האָט זיך צוגעהערט צו זיינע רייד.

ווען די שבטים האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַ קעניג איבער זיך, זיינען די עלטסטע פון פאָלק געקומען צו שמואלן און האָבן אים געבעטן, אַז ער זאָל אויסקלייבן אַ פּאַסיקן מאַן פאַר אַ מלך (קעניג).

שמואל האָט די עלטסטע געפּרואווט אָפּרעדן פון דעם. ער האָט זיי געזאָגט: „אַ מלך וועט צונעמען אייערע זין פאַר סאָלדאַטן און אייערע טעכטער פאַר קעכינס און בעקערינס. אייערע פעלדער און גערטנער וועט ער אַוועקגעבן זיינע קנעכט. ער וועט אַרויפלייגן אויף אייך שטייערן און איר וועט קלאָגן און פאַרשעלטן דעם טאָג, וואָס איר האָט זיך אויסגעקליבן אַ מלך."

דאָס פאָלק האָט זיך אָבער ניט געוואָלט צוהערן צו שמואלן און ער האָט ענדלעך אויסגעקליבן אַ מאַן מיטן נאָמען שאול און האָט אים געזאַלבט פאַר אַ מלך.

## יידישע געשיכטע העפטן

אזוי איז, מיט איבער דריי טויזנט יאָר צוריק, געגרינדעט גע־וואָרן די יידישע מלוכה.

12

# שאול

דער ערשטער יידישער מלך, שאול, האָט זייער ליב געהאַט דאָס פאָלק. ער האָט זיך ווי פריער פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט, אָבער ווען אַ שונא איז אָנגעפאַלן, האָט ער זיך געשטעלט אין שפּיץ פון דער אַרמיי און געקעמפט קעגן שונא.

שאול האָט געפירט מלחמות מיט די פלישתים און מיט אַנדערע פעלקער. אין איינער פון די מלחמות מיט די פלישתים האָט זיך זייער אויסגעצייכנט אַ יונגער פּאַסטעך, דוד. ער האָט דערהרגעט דעם שטאַרקסטן קריגספירער פון די פלישתים, גלית, און די פלישתים זיינען זיך פאַר שרעק צעלאָפן.

דאָס פאָלק האָט דערפאַר זייער ליב באַקומען דודן און מען האָט אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד. שאולן האָט דאָס שטאַרק פאַר־דראָסן. ער האָט אָנגעהויבן מורא צו האָבן, אַז נאָך זיין טויט וועט ניט זיין זון ווערן קעניג, נאָר דוד. עטלעכע מאָל האָט שאול גע־וואָלט טייטן דודן און דוד האָט געמוזט אַנטלויפן און אַ לאַנגע צייט זיך אויסבאַהאַלטן. שאולס זון, יהונתן, און שאולס טאָכטער, מיכל, מיט וועמען דוד האָט חתונה געהאַט, האָבן געהאָלפן דודן זיך אויסבאַהאַלטן פון שאולס צאָרן.

אין איינער פון די מלחמות האָבן די פלישתים אַרומגערינגלט שאולן. שאולס דריי זין זיינען געפאַלן טויט. שאול האָט דערזען, אַז אויך ער וועט באַלד אַריינפאַלן אין דעם שונאס הענט, האָט ער זיך געווענדט צו זיין וואָפנטרעגער און געזאָגט: „ציִ אַרויס דיין שווערד און דערשטעך מיך, כדי די שונאים זאָלן מיך ניט טייטן און שפּעטן פון מיר.״ דער וואָפנטרעגער האָט אים דאָס ניט געוואָלט טאָן. שאול האָט אַליין גענומען די שווערד און איז אַרויפגעפאַלן אויף איר.

ווען דוד האָט זיך דערוואוסט, אַז דער מלך שאול און זיין זון, יהונתן, זיינען טויט, האָט ער צעריסן אויף זיך די קליידער און האָט שטאַרק געקלאָגט.

# דוד המלך

נאָך שאולס טויט איז דוד געוואָרן מלך. ער האָט איינגעשטעלט אַ שטענדיקע אַרמיי און האָט אינגאַנצן פאַרטריבן די פּלישתּים פון לאַנד. ער האָט אויך געפירט מלחמות מיט אַנדערע פעלקער און האָט אַ סך פאַרגרעסערט דאָס יידישע לאַנד. אונטער דודס פירונג איז די יידישע מלוכה געוואָרן שטאַרק.

דוד האָט איינגענומען די שטאָט ירושלים און האָט זי געמאַכט פאַר דער הויפּט־שטאָט פון דער מלוכה. ער האָט אויסגעבויט פאַר זיך אַ שיינעם פּאַלאַץ און האָט זיך אַרומגערינגלט מיט קלוגע לייט, וואָס האָבן אים געהאָלפן פירן די מלוכה.

דוד האָט אַריבערגעפירט קיין ירושלים דעם אָרון מיט די לוחות. צוליב דעם האָט ער געמאַכט אַ גרויסן פּאַראַד און איז אַליין געגאַנגען פאָראויס און האָט געזונגען און געטאַנצט צוזאַמען מיטן גאַנצן פאָלק. פון דעמאָלט אָן איז ירושלים פאַררעכנט געוואָרן ביי יידן פאַר אַ הייליקער שטאָט. ביז היינטיקן טאָג ווערט ירושלים דערמאָנט אין די יידישע תּפילות.

איין מאָל האָט דוד אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער פון זיין פּאַ־לאַץ און האָט דערזען זייער אַ שיינע פרוי. ער האָט זיך גלייך פאַר־ליבט אין איר. ווען ער האָט אָבער געוואָלט חתונה האָבן מיט איר, האָט ער אויסגעפונען, אַז זי איז די פרוי פון איינעם פון זיינע סאָל־דאַטן. דוד האָט באַפוילן זיין גענעראַל אַוועקצושיקן דעם סאָלדאַט אין מלחמה. דער סאָלדאַט איז דערהרגעט געוואָרן און דוד האָט חתונה געהאַט מיט דער פרוי. די פרוי האָט געהייסן בת־שבע.

ווען נתן הנביא האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם, וואָס דוד האָט געטאָן, איז ער געקומען צום מלך און האָט אים דערציילט אַזאַ משל:

„אין אַ שטאָט האָבן געלעבט צוויי מענטשן, איינער אַ רייכער און דער צווייטער אַן אָרעמאַן. דער רייכער האָט פאַרמאָגט אַ סך שאָף און דער אָרעמאַן האָט געהאַט נאָר איין שעפעלע. דאָס שעפעלע איז אויסגעוואַקסן מיט אים און מיט זיינע קינדער. פון זיין ביסן פלעגט עס עסן און פון זיין בעכער פלעגט עס טרינקען און עס איז דעם אָרעמאַן געווען ווי אַ טאָכטער.

## יידישע געשיכטע העפטן

איין מאָל איז צום רייכן מאַן געקומען אַ גאַסט. דער רייכער האָט געוואָלט צוגרייטן אַ מאָלצייט פאַר זיין גאַסט, אָבער אַנשטאָט צו נעמען פון זיינע אייגענע שאָף, האָט ער צוגענומען דאָס איין און איינציקע שעפעלע ביים אָרעמאַן און געמאַכט דערפון אַ מאָלצייט".

דוד איז שטאַרק אין כעס געוואָרן און האָט אויסגערופן: „אַזוי ווי גאָט לעבט, אַז טויט קומט דעם מאַן, וואָס האָט אַזוי געטאָן!" ווען ער האָט געפרעגט דעם נביא, ווער דער רייכער מאַן איז, האָט נתן אים געענטפערט: „דו ביסט דער מאַן!"

דוד האָט פאַרשטאַנען ווי אומגערעכט ער האָט געהאַנדלט און האָט געבעטן גאָט, אַז ער זאָל אים מוחל זיין די זינד.

דוד המלך האָט געקיניגט פערציק יאָר. ווי עס האָט זיך געפירט אין יענער צייט, האָט ער געהאַט עטלעכע ווייבער און אַ סך קינדער. ווען ער איז אַלט געוואָרן, האָבן זיינע זין זיך אָנגעהויבן צו קריגן צווישן זיך, ווער עס זאָל פאַרנעמען דעם טראָן נאָך זייער פאָטערס טויט. דוד האָט אָבער באַשטימט פאַר מלך בת־שבעס זון שלמה.

יידן גלייבן, אַז דוד המלך איז דער שרייבער פון דעם ספר „תהילים". דאָס זיינען רעליגיעזע לידער און לויב־געזאַנגען, וואָס זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אויף אַלע שפּראַכן. ביז דעם היינטיקן טאָג ווערט „תהילים" באַטראַכט ווי די גרעסטע פּאָעטישע שאַפונג, וואָס דערהייבט די מענטשלעכע נשמה.

14

## שלמה המלך

שלמה המלך האָט ניט געדאַרפט פירן קיין מלחמות. די יידישע שונאים זיינען געווען אָדער שוואַך, אָדער איינגאַנצן באַזיגט פון דודן. שלמה איז געווען אַ רואיקער און קלוגער קעניג. וועגן זיין חכמה ווערן דערציילט אַ סך שיינע מעשות.

אין ספר „מלכים" ווערט דערציילט, אַז שלמה המלך איז געווען קליגער פון אַלע מענטשן און אַז ער האָט געקענט די שפּראַך פון ביימער, בהמות, פייגל און פיש. פון אַלע לענדער איז מען געקומען הערן שלמהס חכמה.

## יידישע געשיכטע העפטן

איין מאָל זיינען צו שלמה המלך געקומען צוויי פרויען. זיי האָבן אים דערציילט, אַז זיי האָבן ביידע אין איין טאָג געבוירן קינדער. ביינאַכט איז איין קינד דערשטיקט געוואָרן און יעדע פון די פרויען האָט געטענהט, אַז דאָס לעבעדיקע קינד איז אירס. שלמה האָט באַפוילן זיין דינער צו צעשניידן דאָס לעבעדיקע קינד אויף צווייען און געבן יעדער פרוי אַ העלפט. דער דינער איז שוין געווען גרייט אויסצופירן דעם קעניגס באַפעל, ווען די אמתע מוטער פון קינד איז געפאַלן צו שלמהס פיס און מיט טרערן אין די אויגן געבעטן ניט צו טייטן דאָס קינד.

„זאָל מיין שכנה האָבן דאָס קינד, אַבי עס זאָל בלייבן לעבן,״ האָט די פרוי געבעטן.

די צווייטע פרוי איז געשטאַנען גלייכגילטיק און האָט געזאָגט:

„גוט אַזוי! ניט מיר און ניט איר.״

שלמה האָט פאַרשטאַנען ווער די אמתע מוטער איז. ער האָט איר צוריקגעגעבן איר קינד.

שלמה המלך האָט פאַרשענערט די הויפּטשטאָט ירושלים מיט אַ סך שיינע געביידעס. די שענסטע געביידע וואָס ער האָט אויפ־געבויט, איז געווען דער בית המקדש, דאָס הייליקע הויז אָדער טעמפּל.

אַזאַ „הויז פאַר גאָט״ האָט נאָך געוואָלט בויען דוד המלך, אָבער, ווי עס ווערט דערציילט אין תנ״ך, האָט גאָט אים געזאָגט: „אַ סך בלוט האָסטו פאַרגאָסן און גרויסע מלחמות האָסטו געפירט, קאָנסטו דערפאַר ניט בויען אַ הויז צו מיין נאָמען. אָט ווערט דיר געבוירן אַ זון. ער וועט זיין אַ מענטש פון רו, שלמה וועט זיין זיין נאָמען, און שלום און שטילקייט וועל איך געבן ישראל אין זיינע טעג. ער וועט בויען אַ הויז צו מיין נאָמען.״

פון אַלע עקן לאַנד פלעגן יידן זיך צונויפקומען אויף די ימים־טובים אין בית המקדש דינען גאָט. אויך פון אַנדערע לענדער פלעגט מען קומען קיין ירושלים צו באַוואונדערן די שיינקייט פון בית המקדש.

אין שלמהס צייט איז דאָס יידישע לאַנד געווען רואיק. די יידן האָבן זיך פאַרנומען מיט ערד אַרבעט, מיט גערטנערייַ און מיט פלאַנצן וויינגערטנער. זיי האָבן זיך אויך אויסגעלערנט פאַרשיידענע מלאכות. עס זיינען געווען צווישן זיי שמידן, וועבערס, בוימייסטערס און אַנדערע. אַ טייל יידן האָבן זיך פאַרנומען מיט האַנדל.



בית המקדש אין ירושלים

## יידישע געשיכטע העפטן

כדי צו בויען זיינע רייכע פּאַלאַצן און דעם בית המקדש, האָט שלמה געמוזט האָבן אַ סך געלט און אַרבעטער. ער האָט דערפאַר אַרויפגעלייגט אויפן פאָלק גרויסע שטייערן און האָט געצוואונגען יעדן שבט צוצושטעלן אַרבעטער.

אַ גרויסער טייל פאָלק איז דערפאַר געוואָרן אומצופרידן מיט שלמהן. איינער פון שלמהס קעגנער, אַ מאַן מיטן נאָמען ירבעם בן נבט, האָט געוואָלט אויפהייבן אַן אויפשטאַנד קעגן אים. שלמה האָט זיך אָבער דערוואוסט וועגן דעם און ירבעם האָט געמוזט אַנטלויפן קיין מצרים.

שלמה האָט געקיניגט פערציק יאָר.

15

## די צעשפּאַלטונג פון דער מלוכה

ווען שלמה איז געשטאָרבן, איז געוואָרן מלך זיין זון, רחבעם. פאָרשטייערס פון פאָלק זיינען געקומען צום מלך און האָבן אים געבעטן גרינגער צו מאַכן די שווערע שטייערן און אָפּשאַפן די געצוואונגענע אַרבעט. צווישן די פאָרשטייערס איז אויך געווען ירבעם, וואָס האָט זיך נאָך שלמהס טויט צוריקגעקערט פון מצרים.

דער יונגער מלך האָט זיך ניט געוואָלט צוהערן צו דער עצה פון זיין פאָטערס אַלטע ראַטגעבערס, אַז ער זאָל נאָכגעבן די פאָדערונגען פון פאָלק. רחבעם האָט געפאָלגט זיינע אייגענע יונגע ראַטגעבערס און האָט געענטפערט די פאָרשטייערס:

„מיין פאָטער האָט אויף אייך אַרויפגעלייגט אַ שווערן יאָך און איך וועל דעם יאָך נאָך שווערער מאַכן. מיין פאָטער האָט אייך געשטראָפט מיט ריטער און איך וועל אייך שטראָפן מיט דערנער.“

עס האָט אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד. צען שבטים האָבן מער ניט געוואָלט האָבן שלמהס זון פאַר מלך. זיי האָבן געשאַפן אַ באַזונדערע מלוכה אין צפון זייט פון לאַנד. ירבעם בן נבט איז געוואָרן מלך איבער די צען שבטים. די נייע מלוכה האָט זיך גע־רופן „מלכות ישראל.“

אַזוי איז די יידישע מלוכה צעשפּאָלטן געוואָרן אויף צווייען: די צפונדיקע מלוכה — מלכות ישראל, און די דרומדיקע מלוכה — מלכות יהודה.

16

## מלכות ישראל

ירבעם, דער מלך פון מלכות ישראל, האָט געמאַכט די שטאָט שכם פאַר דער הויפּטשטאָט פון זיין מלוכה. ער האָט אויך באַ־פעסטיקט די אַנדערע שטעט פון מלכות ישראל און האָט זיי באַשיצט קעגן אַרומיקע שונאים.

איין זאַך האָט באַאומרואיקט ירבעמען: ווען עס פלעגן אָנקומען די יידישע יום־טובים, פלעגן די יידן פון מלכות ישראל גיין קיין ירושלים דינען גאָט אין בית המקדש. ירבעם האָט זיך פאַר דעם געשראָקן. ער האָט מורא געהאַט, אַז זיי וועלן זיך באַגעגענען מיט די יידן פון מלכות יהודה און וועלן זיך מיט דער צייט ווידער פאַראייניקן מיט זיי.

ירבעם האָט דערפאַר אויסגעבויט צוויי טעמפּלען אין די שטעט בית־אל און דן אין מלכות ישראל. אין די טעמפּלען האָט ער אַריינגעשטעלט צוויי גאָלדענע קעלבער און האָט געזאָגט צום פאָלק: „אָט זיינען אייערע געטער. צו זיי זאָלט איר דינען.“

דאָס פאָלק איז געווען צופרידן, וואָס עס וועט ניט דאַרפן גיין אַזאַ וויטן וועג קיין ירושלים דינען גאָט. מען האָט אין די טעמפּלען געבראַכט קרבנות און געפייערט די יום־טובים פונקט ווי אין בית־המקדש אין ירושלים.

אין מלכות ישראל זיינען זייער אָפט פאָרגעקומען אומרועןן און אויפשטאַנדן. אָפט איז אַ קריגספירער מיט דער הילף פון דער אַרמיי באַפאַלן דעם קעניג, אים דערהרגעט צוזאַמען מיט דער גאַנצער קעניגלעכער פאַמיליע און אַליין פאַרכאַפּט דעם טראָן.

לענגער פון אַלע מלכים אין מלכות ישראל האָט געקיניגט דער מלך עמרי. ער האָט געפירט מלחמות מיט אַרומיקע פעלקער און אין זיין צייט איז מלכות ישראל געוואָרן גרויס און רייך.

עמרי האָט אויפגעבויט אַ נייע שטאָט, שומרון, און האָט זי געמאַכט פאַר זיין הויפּטשטאָט. פון דעמאָלט אָן האָט מלכות ישראל זיך גערופן אויך „מלכות שומרון.“

17

# אליהו הנביא

נאָך עמרין איז געוואָרן מלך זיין זון, אחאב. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ פעניקישער פּרינצעסין, איזבל. ווען איזבל איז אָנגעקומען אין מלכות ישראל, האָט זי דאָרט איינגעפירט דעם גלויבן אין פעניקישן גאָט — בעל.

פון פעניקיע זיינען מיט איזבלן געקומען פּריסטער פון בעל. אין דער שטאָט שומרון און אין אַנדערע גרעסערע שטעט פון מלכות ישראל זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן טעמפּלען און מזבחות (אַל־טאַרן) צום בעל. יידן האָבן אָנגעהויבן דינען דעם נייעם גאָט.

קעגן די נייע איינפירונגען און קעגן דעם גלויבן אין בעל איז שאַרף אַרויסגעטראָטן דער נביא אליהו.

אליהו הנביא האָט זיך אָפט באַוויזן אין די שטעט פון מלכות ישראל. ער האָט דאָרט אָן מורא גערעדט צום פאָלק, אַז עס זאָל ניט פאַרגעסן דעם איינציקן גאָט און עס זאָל ניט דינען צו די פרעמדע געטער. אליהו האָט זיך אפילו ניט אָפּגעשראָקן צו רעדן צום קעניג און אים אויפוואַרפן די אומגערעכטיקייטן, וואָס ער באַגייט.

אליהו האָט שאַרף גערעדט קעגן די פּריסטער פון בעל. ער האָט זיי באַשולדיקט, אַז זיי פאַרפירן דאָס פאָלק. די קעניגין, איזבל, האָט דערפאַר שטאַרק פאַרפאָלגט אליהון און ער האָט געמוזט אַנטלויפן אין מידבר.

ער פלעגט אָבער פון צייט צו צייט זיך ווידער באַווייזן אין דער הויפּטשטאָט שומרון און רעדן קעגן בעל־גלויבן.

איין מאָל איז אַ לאַנגע צייט ניט געגאַנגען קיין רעגן. די ברונעמער האָבן אויסגעטריקנט און אין לאַנד איז געוואָרן אַ הונגער.

אליהו איז געקומען צו אחאבן און האָט אים געזאָגט:

— „זאַמל צונויף ביים באַרג כרמל אַלע פאַלשע נביאים פון בעל און דאָס גאַנצע פאָלק. דאָרט וועט דאָס פאָלק זען, ווער עס איז דער אמתער גאָט."

און עס האָבן זיך פאַרזאַמלט פיר הונדערט און פופציק כוהנים פון בעל און דאָס גאַנצע פאָלק. אליהו האָט געהייסן ברענגען צוויי אָקסן. איין אָקס האָבן גענומען די כוהנים פון בעל. זיי האָבן דעם

אָקס צעשניטן און אַוועקגעלייגט אויף אַ מזבח, וואָס זיי האָבן אויפגעשטעלט. זיי האָבן אָנגעהויבן טאַנצן אַרום דעם מזבח און האָבן געשריען צום בעל, אַז ער זאָל אַרונטערשיקן אַ פייער און פאַרברענען דעם קרבן. קיינער האָט אָבער ניט געענטפערט.

אליהו איז געשטאַנען און האָט אָפּגעלאַכט פון זיי:

— „שרייט העכער, אפשר שלאָפט איצט אייער גאָט, וועט איר אים אויפוועקן!"

דערנאָך האָט אליהו אויפגעשטעלט אַ מזבח פון צוועלף שטיינער, לויט דער צאָל פון די יידישע שבטים. זיין צעשניטענעם אָקס האָט אליהו אַרויפגעלייגט אויף דעם מזבח און האָט געהייסן גיסן וואַסער אויפן מזבח. אליהו האָט געבעטן גאָט און באַלד האָט אָנגעהויבן בליצן. אַ בליץ האָט פאַרברענט דעם קרבן. מיטאַמאָל איז דער הימל פאַרוואָלקנט געוואָרן און עס האָט גענומען גיסן אַ רעגן.

דאָס פאָלק האָט איינגעזען אליהוס געטלעכקייט און האָט אויסגעהרגעט די פאַלשע נביאים פון בעל.

18

## נבותעס ווייַנגאָרטן

לעבן אחאבס פּאַלאַץ האָט זיך געפונען אַ שיינער ווייַנגאָרטן. דער ווייַנגאָרטן האָט געהערט צו אַ מאַן מיטן נאָמען נבות. נבות האָט דעם ווייַנגאָרטן באַקומען אַ ירושה פון זיינע עלטערן.

אחאָבן איז דער גאָרטן זייער געפעלן געוואָרן און ער האָט גערעדט צו נבותן, אַז ער זאָל אים פאַרקויפן דעם ווייַנגאָרטן. נבות האָט אים אָבער ניט געוואָלט פאַרקויפן.

אחאָב איז אַהיים געקומען און האָט זיך געלייגט אויף זיין בעט, האָט אויסגעדרייט זיין פּנים און ניט געגעסן קיין שפּייז. איזבל האָט זיך נאָכגעפרעגט ביי אים און ער האָט איר איבערגעגעבן נבותעס ענטפער. האָט איזבל געזאָגט: „שטיי אויף, עס שפּייז, איך וועל דיר געבן דעם ווייַנגאָרטן פון נבותן."

איזבל האָט אויסגעטראַכט אויף נבותן אַ פאַלשע באַשולדיקונג, אַז ער האָט גערעדט שלעכטס אויפן קעניג. נבות איז געבראַכט געוואָרן אין געריכט און איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. אין

יענער צייט פלעגט דאָס פאַרמעגן פון אַ פאַרמשפּטן צום טויט איבערגיין צום קעניג און נבותעס ווייַנגאָרטן איז אויך איבער־געגאַנגען צו אחאָבן.

ווען אליהו האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם, איז ער געקומען צו אחאָבן און האָט אים געזאָגט: „דו האָסט געהרגעט און ווילסט אויך ירשענען? דערפאַר וועט קומען אויף דיר גאָטס שטראָף: אויף דעם אָרט, וואו די הינט האָבן געלעקט דאָס בלוט פון נבותן, וועלן זיי לעקן אויך דיין בלוט.״

אליהוס נבואה איז שפּעטער מקוים געוואָרן. אחאָב איז שטאַרק פאַרוואונדעט געוואָרן אין אַ מלחמה. מען האָט אים געבראַכט אַהיים. זיין בלוט איז אַראָפּגערונען פון וואָגן און הינט האָבן עס געלעקט.

אַ סך שיינע מעשות ווערן דערציילט וועגן די וואונדער, וואָס אליהו הנביא האָט באַוויזן. עס ווערט אויך דערציילט, אַז ער איז ניט געשטאָרבן, נאָר איז אַרויף אין הימל אויף אַ פייערדיקן רייטוואָגן.

ביי יידן איז פאַרבליבן אַ ליבשאַפט צו דעם נביא אליהו. ביז היינטיקן טאָג גלייבן יידן, אַז אליהו באַווייזט זיך פאַרשטעלטערהייט צו אָרעמע און ברענגט הילף צו נויטבאַדערפטיקע. יידן גלייבן אויך, אַז פּסח צום סדר קומט אליהו ווי אַ גאַסט אין יידישע היימען. מען גיסט אָן פאַר אים אַ באַזונדערן בעכער וויין — דעם כוס של אליהו.

19

## דער נביא עמוס

אין דער צייט פון דעם מלך ירבעם דעם צווייטן איז מלכות ישראל געוואָרן זייער רייך. די יידישע סוחרים האָבן געלעבט אין גרויס לוקסוס. זיי האָבן זיך אויסגעבויט רייכע פּאַלאַצן פון געהאַקטע שטיינער. זיי האָבן געגעסן און געטרונקען פון שענסטן און בעסטן און זיינען אַרומגעפאָרן אין רייכע קאַרעטן געשפּאַנט מיט טייערע פערד. די רייכע פרויען האָבן געטראָגן טייערע קליידער און צירונג און גענוצט שמעקעדיקע אײלן און פאַרפומען.

די אָרעמע ערד־אַרבעטער אָבער האָבן געלעבט אין קליינע

## יידישע געשיכטע העפטן

ליימענע שטיבלעך. זייערע קינדער זיינען אָפט געגאַנגען נאַקעט און באָרוועס. די רייכע סוחרים פלעגן לייען געלט צו די ערד־אַרבעטער אויף זייער הויכע פּראָצענטן. אויב דער אַרבעטער האָט ניט אָפּגעצאָלט זיינע חובות אין צייט, האָט דער רייכער אים אַראָפּגעטריבן פון זיין שטיקל ערד, צוגענומען זיין הויז און גאַנץ אָפט אים פאַרקויפט פאַר אַ שקלאַף.

די רייכע פלעגן קומען אין זייערע טעמפּלען און ברענגען קרבנות. זיי האָבן געמיינט, אַז מיט די קרבנות קויפן זיי זיך אויס ביי גאָט פון זייערע אומגערעכטיקייטן קעגן די אָרעמע.

אין יענער צייט האָט אין מלכות יהודה געלעבט אַ פּאַסטעך — עמוס. ער פלעגט אָפט קומען אין מלכות ישראל. דאָרט האָט ער צוגעזען דאָס פאַרדאָרבענע לעבן פון די רייכע און ווי שלעכט זיי באַהאַנדלען די אָרעמע.

עמוס האָט דערפילט אין זיך, אַז ער מוז אַרויסטרעטן קעגן די רייכע. ער האָט זיך אָנגעהויבן באַווייזן אין די גאַסן און אין די טעמפּלען פון מלכות ישראל. ער האָט גערעדט אין גאָטס נאָמען און געוואָרנט די רייכע, אַז גאָט וויל ניט זייערע קרבנות. גאָט וויל, האָט עמוס געזאָגט, אַז מענטשן זאָלן פירן אַ גערעכט לעבן לויט די געזעצן פון דער תורה. עמוס האָט פאָראויסגעזאָגט, אַז מיט זייערע שלעכטע מעשים וועלן די רייכע ברענגען צו דעם, אַז מלכות ישראל וועט אונטערגיין.

„ווייל איר טרעט אויפן אָרעמאַן" — האָט עמוס גערעדט — „און אָפּצאָל פון תבואה נעמט איר ביי אים, האָט איר הייזער פון געהאַקטע שטיינער געבויט, און וועט אין זיי ניט וואוינען; האָט איר גלוסטיקע וויינגערטנער געפלאַנצט און וועט ניט טרינקען זייער וויין... זוכט גוטס און ניט שלעכטס, כדי איר זאָלט לעבן... זאָל ווי וואַסער פליסן גערעכטיקייט און אמת ווי אַן אייביקער קוואַל..."

עמוס האָט אויך ביטער גערעדט קעגן די רייכע פרויען, וואָס באַרויבן די אָרעמע, כדי צו קענען אַליין לעבן אין לוקסוס.

עמוסעס רייד זיינען פאַרשריבן געוואָרן אין תנ"ך און זיינען פאַרבליבן ביי אונדז ביז היינטיקן טאָג.

20

## מלכות ישראל ווערט צעשטערט

אין צפון זייט פון מעסאָפּאָטאַמיע האָט זיך געפונען דאָס לאַנד אַשור. די איינוואוינער פון דעם לאַנד, די אשורים אָדער אַסיריער, זיינען געווען גוטע יעגער און בויגן־שיסערס. די אשורים האָבן אָנגעהויבן אָנצופאַלן אויף אַרומיקע פעלקער. זיי פלעגן די באַזיגטע פעלקער באַרויבן, אויסהרגענען די עלטסטע און אַוועקפירן די איינוואוינער אין פאַרשידענע געגנטן פון דעם לאַנד אַשור. די אַשורישע סאָלדאַטן זיינען געווען גוט באַוואָפנט. זיי האָבן געהאַט רייטוועגענער אויף וועלכע זיי פלעגן אַריינפאָרן צווישן די פיינט און אויסהרגענען מיט זייערע שפּיזן טויזנטער מענטשן.

אַשור האָט געפירט מלחמות מיט סיריע, ארץ־ישראל און מצרים. די מלכים פון מלכות ישראל און מלכות יהודה האָבן געצאָלט די אשורים צינזן, כדי צו פאַרהיטן זייערע לענדער פון אָנפאַלן.

ווען דער מלך פון מלכות ישראל האָט זיך איינמאָל אָפּגעזאָגט צו צאָלן צינזן, האָט דער אַשורישער קעניג באַלאַגערט די הויפּט־שטאָט שומרון.

נאָך אַ לאַנגער באַלאַגערונג האָבן די אַשורים איינגענומען שומרון. דערנאָך האָבן זיי איינגענומען גאַנץ מלכות ישראל.

די אשורים האָבן אַוועקגעפירט די יידן פון מלכות ישראל קיין אַשור. זיי האָבן פאַרקויפט אַ סך יידן פאַר שקלאַפן. אַנדערע האָבן זיך מיט דער צייט צונויפגעמישט מיט די אשורים און זיינען אין־גאַנצן אָפּגעריסן געוואָרן פון יידישן פאָלק. די שטעט פון מלכות ישראל זיינען באַזעצט געוואָרן מיט מענטשן פון אַנדערע פעלקער.

די פאַרטריבענע יידן פון מלכות ישראל רופט מען „די פאַר־לוירענע צען שבטים,” ווייל קיינער ווייסט ניט וואָס פון זיי איז געוואָרן.

פון דער צייט, וואָס מלכות ישראל איז געגרינדעט געוואָרן ביז איר צעשטערונג, זיינען אַוועק אַרום צוויי הונדערט יאָר.

מלכות ישראל איז צעשטערט געוואָרן אין יאָר 722 פאַר דער איצטיקער צייט־רעכענונג.

## 21

## מלכות יהודה

די גרעסטע טייל פון די איינוואוינערס פון מלכות יהודה האָט זיך ווי פריער באַשעפטיקט מיט ערד־אַרבעט און מיט פלאַנצן וויינגערטענער. עס זיינען אויך געווען צווישן זיי פאַרשידענע באַל־מעלאָכעס. די ערד־אַרבעטער און די באַלמעלאָכעס האָבן געפירט אַ פּשוט אָרעם לעבן.

עס זיינען אָבער אויך געווען צווישן די איינוואוינערס סוחרים און רעגירונגס-לייט, וואָס האָבן געלעבט אין לוקסוס, און, אַזוי ווי אין מלכות ישראל, האָבן אויך דאָ די רייכע אונטערדריקט די אָרעמע.

אָבער אין מלכות יהודה זיינען ניט פאָרגעקומען אַזעלכע אומרוען, ווי אין מלכות ישראל. דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל דאָ האָט געקיניגט דודס פאַמיליע — בית דוד — און דער טראָן איז איבערגעגאַנגען פון פאָטער צו זון.

דער בית המקדש אין ירושלים האָט אויך געהאָלפן אויפ־האַלטן מלכות יהודה. די כוהנים, וואָס האָבן געדינט אין בית המקדש, האָבן געהאַט אַ גרויסע מאַכט ביים פאָלק.

ווען די אשורים האָבן איינגענומען מלכות ישראל און זיינען געוואָרן נאָענטע שכנים מיט מלכות יהודה, האָבן זיך אין לאַנד יהודה אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אשורישע מנהגים און געצנדינעריי.

איבערן גאַנצן לאַנד זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן מזבחות צו די אשורישע געטער. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבן ברענגען קרבנות צו זיי. אָפט האָט מען אויך געבראַכט קינדער־קרבנות.

## 22

## ישעיה הנביא

אין יענער צייט האָט אין יהודה געלעבט דער גרויסער נביא, ישעיה. ער האָט געשטאַמט פון אַ רייכער, אָנגעזעענער פאַמיליע. ישעיה הנביא האָט דערפילט די אומגערעכטיקייטן, וואָס די רייכע באַגייען קעגן די אָרעמע. ער איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן די רייכע. ישעיה האָט אויך גערעדט צום פאָלק קעגן די פרעמדע

געטער. ער האָט געפאָדערט, אַז די יידן זאָלן דינען דעם איינציקן גאָט, וואָס איז דער גאָט פון דער גאַנצער וועלט.

ווי דער נביא עמוס אין מלכות ישראל, אַזוי האָט אויך ישעיה הנביא גערעדט וועגן דעם, אַז מיט זייערע קרבנות צו גאָט קאָנען די רייכע זיך ניט ריינוואַשן פון זייערע זינד.

„בלוט פון אָקסן און שעפסן און בעק וויל איך ניט האָבן. אַז איר קומט זיך ווייזן פאַר מיר, ווער בעט דאָס פון אייך צו טרעטן מיינע הויפן? ניט ברענגט מער קרבנות אומזיסט... און אַז איר שפּרייט אויס אייערע הענט, וועל איך פאַרהוילן מיינע אויגן פון אייך. וויפל איר זאָלט ניט תפילה טאָן, הער איך ניט צו. אייערע הענט זיינען פול מיט בלוט. וואַשט זיך, רייניקט זיך, טוט אָפּ אייערע שלעכטע מעשים פון קעגן מיינע אויגן, הערט אויף שלעכטס טאָן. לערנט גוטס טאָן, זוכט גערעכטיקייט, שטאַרקט דעם געדריקטן, טוט רעכט דעם יתום, נעמט זיך אָן פאַר דער אלמנה."

אַזוי האָט גערעדט ישעיה אין גאָטס נאָמען. ער האָט געלערנט דאָס פאָלק, אַז דינען גאָט מיינט לעבן אין יושר און אין ליבע איינער מיט דעם אַנדערן.

די שענסטע און גרעסטע נבואה פון אַלע צייטן וועגן אייביקן שלום איז ישעיה הנביאס:

„און עס וועט זיין אין סוף פון די טעג... זיי וועלן איבערשמידן זייערע שווערדן אויף אַקעראייזנס און זייערע שפּיזן אויף צווייג־מעסערס; אַ פאָלק קעגן אַ פאָלק וועט ניט הייבן אַ שווערד, און מע וועט ניט לערנען מער קיין מלחמה... און אַ וואָלף וועט הויזן מיט אַ שעפּס, און אַ לעמפּערט מיט אַ ציגעלע וועלן הויערן, און אַ קאַלב און אַ יונג־לייב און אַ פעט רינד באַנאַנד; און אַ קליין יינגל וועט זיי פירן."

אויך אַנדערע נביאים האָבן אין יענער צייט אַזוי גערעדט צום פאָלק. זיי זיינען געווען פאָלקס־לערער, וואָס האָבן געלערנט דאָס פאָלק, אַז עס איז פאַראַן נאָר איין גאָט, וואָס איז דער גאָט פון אַלע מענטשן און אַז אַלע מענטשן דאַרפן לעבן אין שלום צווישן זיך.

די רייכע האָבן פיינט געהאַט די רייד פון ישעיה הנביא און פון די אַנדערע נביאים און האָבן זיי שטאַרק פאַרפאָלגט. עס איז געווען אַ צייט, ווען די נביאים האָבן זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן. אָבער פון זייערע באַהעלטענישן האָבן זיי אָנגעפירט דעם קאַמף קעגן געצנדינערײַ און קעגן אומגערעכטיקייט.

23

## דער מלך יאשיהו

ווען יאשיהו איז געוואָרן מלך פון יהודה, האָט ער אָפּגעשאַפט געצנדינעריי. ער האָט באַפוילן צו צעשטערן אַלע מזבחות, וואָס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן איבערן לאַנד. ער האָט אויך אַרויס־געוואָרפן פון בית המקדש די פרעמדע געטער און האָט דאָרט איינגעפירט דאָס דינען צום יידישן גאָט, יהוה.

אין תנ״ך ווערט דערציילט, אַז אין יאשיהוס צייט האָט מען געפונען אין בית המקדש אַ ספר פון דער תורה. ווען דער מלך האָט זיך באַקענט מיט דעם אינהאַלט פון דעם בוך און האָט געזען, אַז אַ סך געזעצן זיינען אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן, האָט ער פאַרזאַמלט דאָס פאָלק און האָט פאַר אַלעמען פאָרגעלייענט דאָס בוך. ער האָט באַשוואוירן דאָס פאָלק צו היטן אויף ווייטער אַלע געזעצן.

די נביאים זיינען צוריקגעקומען פון זייערע באַהעלטענישן און האָבן מיט זייערע רייד געהאָלפן דעם מלך יאשיהו איינפירן די געזעצן.

יאשיהו איז געשטאָרבן אין אַ מלחמה מיט מצרים. דאָס יידישע לאַנד איז באַהערשט געוואָרן פון מצרים און דער פרעה האָט באַ־שטימט איינעם פון יאשיהוס זין, יהויקים, פאַר מלך איבער יהודה. דער פרעה האָט אַרויפגעלייגט אויף די יידן שווערע צינזן.

די הערשאַפט פון מצרים האָט אָנגעהאַלטן אינגאַנצן דריי יאָר. מצרים אַליין איז נאָכדעם באַהערשט געוואָרן פון בבל און די יידן האָבן געמוזט אָנהייבן צאָלן צינזן צו בבל.

24

## ירמיה הנביא

נבוכדנצר, דער קעניג פון בבל, האָט שטאַרק אַכטונג געגעבן, אַז די יידן זאָלן צאָלן זייערע צינזן פּינקטלעך אין צייט. ער האָט אַרונטערגעזעצט איין מלך נאָכן צווייטן פאַר ניט צאָלן די צינזן. דער לעצטער יידישער מלך, וואָס נבוכדנצר האָט באַשטימט איבער יהודה, איז געווען יאשיהוס ברודער, צדקיהו.

אָבער אויך צדקיהו האָט זיך שטילערהייט געגרייט אַרונטער־צואוואַרפן בבלס הערשאַפט.

אין יהודה האָט אין יענער צייט געלעבט דער נביא ירמיה. ער האָט גוט פאַרשטאַנען די שוואַכקייט פון יהודה און האָט געראָטן דעם מלך צו לעבן אין שלום מיט בבל. ער האָט פאָראויסגעזען, אַז אין אַ מלחמה מיט בבל וועט יהודה אינגאַנצן פאַרוויסט ווערן.

די כוהנים און די רעגירונגס-לייט זיינען געווען דורכאויס פאַר אַן אויפשטאַנד קעגן בבל. זיי זיינען געווען שונאים ירמיהון. זיי האָבן אים באַשולדיקט, אַז ער איז אַ פאַררעטער און האָבן אים פאַרשפאַרט אין תפיסה.

דער נביא האָט אויך פון תפיסה ניט אויפגעהערט צו וואָרע־נען קעגן אַ מלחמה מיט בבל. זיינע שונאים האָבן אים אַריינ־געוואָרפן אין אַ ליים-גרוב, וואו ער איז שיר ניט אומגעקומען. נאָר אַ דאַנק איינעם פון קעניגס דינער האָט מען אים פון דאָרט אַרויסגעראַטעוועט.

## 25

## ערשטער חורבן. גלות בבל

נבוכדנצר האָט זיך דערוואוסט, אַז צדקיהו גרייט זיך צו אַן אויפשטאַנד קעגן בבל. ער איז געקומען מיט אַ גרויסער אַרמיי און האָט באַלאַגערט די שטאָט ירושלים.

אַ לאַנגע צייט האָט געדויערט די באַלאַגערונג. די איינוואוי־נער פון ירושלים האָבן זיך העלדיש פאַרטיידיקט. אָבער אין שטאָט איז אויסגעגאַנגען די שפּייז. עס איז געוואָרן אַ שרעקלעכער הונ־גער. מענטשן זיינען געפאַלן אין די גאַסן און עס האָט אויסגעבראָכן אַ מגפה.

די יידישע אַרמיי איז אויסגעמאַטערט געוואָרן פון הונגער. זי האָט שוין מער ניט געקאָנט קעמפן קעגן שונא. די בבלים האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטאָט. זיי האָבן דאָרט אויסגעהרגעט טויזנטער יידן. זיי האָבן ניט געקוקט אויף אַלט און יונג, אויף פרויען און קינדער — אַלעמען האָבן זיי געטייט מיט זייערע שווערדן און שפּיזן.

# יידישע געשיכטע העפטן

דער מלך צדקיהו האָט געפּרואווט זיך ראַטעווען. די בבלים האָבן אים נאָכגעיאָגט און געכאַפּט. מען האָט אים געבראַכט אין לאַגער פון קעניג נבוכדנצר. דער צערייצטער קעניג האָט באַפוילן צו טייטן פאַר צדקיהוס אויגן די גאַנצע קעניגלעכע פאַמיליע. דער־נאָך האָט מען אויף נבוכדנצרס באַפעל אויסגעשטאָכן צדקיהון די אויגן, און אַ בלינדן, געשמידט אין קייטן, אַוועקגעפירט קיין בבל.

נבוכדנצר האָט פאַרנומען פון בית המקדש אַלע טייערע זאַכן פון גאָלד, זילבער און קופּער און האָט זיי אַוועקגעשיקט קיין בבל. די שטאָט ירושלים האָבן די בבלים אונטערגעצונדן. דאָס פייער האָט אויך אַרומגעכאַפּט דעם בית המקדש.

ניין טעג אין חודש אָב (תשעה באָב) איז פאַרברענט געוואָרן דער בית המקדש, וואָס שלמה המלך האָט אויפגעבויט מיט אַרום דריי הונדערט און זעכציק יאָר פריער.

די צעשטערונג פון בית המקדש רופט מען „ערשטער חורבן.״ אין אָנדענק פון דעם גרויסן אומגליק איז ביי יידן פאַרבליבן דער טרויער־טאָג „תשעה באָב.״

די גרעסטע טייל פון די איינוואוינער פון יהודה האָט נבוכדנצר פאַרטריבן קיין בבל. אין יהודה זיינען בלויז פאַרבליבן די אַלטע לייט און די שוואַכע.

דאָס פאַרטרייבן די יידן פון זייער לאַנד קיין בבל הייסט „גלות בבל. דאָס האָט געטראָפן אין יאָר 586 פאַר דער איצטיקער צייט־רעכענונג, הונדערט און דרייסיק יאָר נאָך דעם, ווי אשור האָט איינגענומען מלכות ישראל.

ירמיה הנביא האָט צוגעזען דעם שרעקלעכן חורבן פון זיין לאַנד און פון בית המקדש און האָט ביטער געקלאָגט אויף דעם.

„מיינע אויגן רינען אוים פון טרערן אויף דעם בראָך פון מיין פאָלק״ — האָט דער נביא געוויינט — „ווי איינזאַם איז געבליבן די שטאָט, וואָס האָט אַזאַ גרויסע באַפעלקערונג געהאַט.״

נבוכדנצר האָט געוואוסט, אַז ירמיה איז געווען קעגן אַ מלחמה מיט בבל. ער האָט באַפוילן צו באַפרייען דעם נביא ירמיה און האָט אים צוגעזאָגט גרוים כבוד, אויב ער וועט קומען קיין בבל. ירמיה האָט אָבער אויסגעקליבן בעסער צו פאַרבלייבן אין יהודה.

אָט אַזוי איז צעשטערט געוואָרן דאָס גאַנצע יידישע לאַנד, פריער פון אשור, דערנאָך פון בבל.

## 26

# יידן אין בבל

דער קעניג נבוכדנצר, וואָס האָט פאַרטריבן די יידן פון זייער לאַנד, האָט געגעבן די פאַרטריבענע יידן אין בבל אַ סך פרייהייטן. זיי האָבן באַקומען לאַנד צו בויען הייזער פאַר זיך. זיי האָבן אויך באַקומען פעלדער און גערטנער. אייניקע האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַשעפטיקן מיט האַנדל. עס זיינען אויך געווען יידן, וואָס האָבן פאַרנומען רעגירונגס־שטעלעס. די יידן האָבן געקאָנט פריי אָפּהיטן זייער גלויבן.

אָבער אַ סך פון די פאַרטריבענע האָבן זיך ניט געקאָנט צופּאַסן צום לעבן אין דעם פרעמדן לאַנד, אין גלות. זיי האָבן ניט געקאָנט פאַרגעסן זייער אייגן לאַנד און האָבן שטאַרק געבענקט אַהיים.

„ביי די טייכן פון בבל, דאָרטן זיינען מיר געזעסן און געוויינט, אַז מיר האָבן זיך דערמאָנט אין ציון... ווי זאָלן מיר זינגען דאָס געזאַנג פון גאָט אויף פרעמדער ערד?... אויב איך וועל דיך פאַרגעסן, ירושלים, זאָל מיין רעכטע האַנט פאַרגעסן ווערן. זאָל צוגעקלעפּט ווערן מיין צונג צו מיין גומען, אויב איך וועל דיך ניט געדענקען!"

אַזוי האָט געקלאָגט דאָס פאַרטריבענע פאָלק אין גלות.

צווישן די יידן אין בבל האָט געלעבט דער נביא יחזקאל. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף די יידן מיט זיינע רייד. ער האָט זיי געשטאַרקט און געטרייסט. ער האָט זיי געגעבן האָפענונג, אַז דער גלות וועט לאַנג ניט דויערן. אינגיכן וועלן זיך די פאַרטריבענע צוריקקערן קיין ארץ־ישראל און צוריק אויפבויען זייער לאַנד.

אין איינער פון זיינע נבואות האָט יחזקאל פאַרגליכן דאָס לאַנד בבל צו אַ טאָל. אין טאָל וואַלגערן זיך הויפנס פאַרטריקנטע ביינער. פּלוצעם הייבן די ביינער אָן זיך צו באַדעקן מיט אָדערן און מיט פלייש. זיי ווערן באַצויגן מיט הויט און ווערן צוריק לעבעדיקע מענטשן.

יחזקאל הנביא האָט געטרייסט די יידן, אַז פּונקט אַזוי וועט צוריק אויפלעבן דאָס חרובע יידישע לאַנד און די פאַרטריבענע וועלן ווערן צוריק אַ געזונט, לעבעדיק פאָלק.

## יידישע געשיכטע העפטן

אין בבל האָבן אויך געלעבט אין יענער צייט די סופרים. דאָס זיינען געווען גרויסע פאָלקס־לערער און שרייבער. זיי האָבן איבער־געשריבן די הייליקע יידישע ספרים (תנ"ך) און האָבן זיי פאַר־שפּרייט צווישן פאָלק.

אַ גרויסע טייל פון יידישן פאָלק האָט אין גלות פאַרגעסן די שפּראַך פון זייערע עלטערן, די העברעאישע שפּראַך, אויף וועלכער דער תנ"ך איז געשריבן. אַ סך האָבן בלויז געקענט די בבלישע שפּראַך. די סופרים האָבן געעפנט שולן, וואו זיי האָבן געלערנט דאָס פאָלק לייענען און שרייבן העברעאיש און די געזעצן פון דער תורה.

עס זיינען אויך געעפנט געוואָרן סינאַגאָגעס. די יידן פלעגן זיך פאַרזאַמלען אין די סינאַגאָגעס און זינגען קאַפּיטלעך תהילים און בעטן גאָט. תפילות האָבן איצט פאַרנומען דאָס פּלאַץ פון קרבנות, וואָס יידן האָבן פריער געבראַכט אין בית המקדש.

אַזוי האָבן יידן אָפּגעלעבט אין גלות פופציק יאָר, ביז בבל איז באַזיגט געוואָרן פון אַ שטאַרקער לאַנד — פּערסיע.

27

## צוריק אַהיים

ווען דער פּערסישער קעניג, כורש, האָט איינגענומען בבל, האָט ער דערלויבט די יידן, אַז זיי זאָלן זיך צוריקקערן קיין ארץ ישראל. ער האָט זיי צוגעזאָגט צו העלפן אויפבויען דאָס חרובע לאַנד און דעם בית המקדש.

דאָס האָט געטראָפן פופציק יאָר נאָך דעם, ווי נבוכדנצר האָט פאַרטריבן די יידן קיין בבל. אין די פופציק יאָר זיינען אַ סך פון די פאַרטריבענע אויסגעשטאָרבן. זייערע קינדער, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין בבל, האָבן געהאַלטן דאָס לאַנד פאַר זייער פאָטערלאַנד. זיי זיינען געווען איינגעזעסן און צוגעבונדן צו בבל. זיי האָט זיך נישט געגלוסט אויפצוגעבן זייערע היימען און פאַרלאָזן דאָס לאַנד. ארץ ישראל איז טאַקע געווען דאָס לאַנד פון זייערע עלטערן, אָבער פאַר זיי אַליין איז דאָס געווען אַ פרעמד לאַנד. דערפאַר האָבן ניט אַלע יידן זיך באַנוצט מיט כורשעס דערלויבעניש.

## יידישע געשיכטע העפטן

אָבער דאָך האָבן צענדליקער טויזנטער יידן זיך צוריקגעקערט קיין יהודה. זיי זיינען געגאַנגען מיט פרייד. דער וועג איז געווען אַ שווערער, אָבער דער געדאַנק, אַז זיי גייען אַהיים, האָט זיי געגעבן מוט איבערצוטראָגן אַלע שוועריקייטן.

די צוריקגעקומענע יידן האָבן געפונען דאָס לאַנד פּאַרוויסט. זייערע היימען און פעלדער זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן פון פרעמדע אין דער צייט, וואָס זיי זיינען געווען אין גלות.

מיט דער הילף פון פּערסישע סאָלדאַטן, וואָס כורש האָט מיטגעשיקט מיט זיי, האָבן די צוריקגעקומענע יידן אַראָפּגעטריבן די פרעמדע פון זייער ערד, און האָבן זיך צוריק גענומען צו ערדאַרבעט און גערטנעריי.

זיי האָבן אָנגעהויבן צוריק אויפצובויען דעם בית המקדש. די יידן, וואָס זיינען פאַרבליבן אין בבל, האָבן זיך אינטערעסירט מיט זייערע ברידער אין ארץ ישראל און האָבן זיי געהאָלפן מיט געלט. אין עטלעכע יאָר אַרום זיינען קיין יהודה אָנגעקומען נאָך גרופּעס יידן פון בבל.

28

## עזרא הסופר און נחמיה

מיט די נייע גרופּעס זיינען אָנגעקומען קיין יהודה עזרא הסופר און נחמיה. דער פּערסישער קעניג האָט געגעבן עזראן די פולע מאַכט איינצופירן אין יהודה וואָס פאַר אַ רעפאָרמען ער וועט געפינען פאַר נייטיק. נחמיה איז אין בבל געווען אַ הויכער באַאַמטער אין קעניגלעכן הויף. דער פּערסישער קעניג האָט אים באַשטימט פאַר גובערנאַטאָר איבערן יידישן לאַנד.

עזרא און נחמיה האָבן פאַררופן אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון פאָלק. אויף דער פאַרזאַמלונג האָט עזרא הסופר פאָרגעלייענט קאַפּיטלעך פון דער תורה. דאָס פאָלק האָט געשוואוירן אָפּצוהיטן אַלע געזעצן.

אין דער צייט פון גלות בבל האָבן אַ סך יידן חתונה געהאַט מיט פרויען פון פרעמדע פעלקער. די פרויען האָבן דערצויגן זייערע קינדער אין דעם גלויבן פון די פרעמדע פעלקער. עזרא הסופר האָט מורא געהאַט, אַז מיט דער צייט וועלן די יידן זיך אינגאַנצן צונויפ-

מישן מיט די פרעמדע פעלקער. ער האָט דערפאַר באַפוילן די יידן זיך צו שיידן מיט זייערע פרעמדע פרויען.

שווער איז געווען די יידן אויסצופאָלגן אזא באַפעל, אָבער זייער ליבע צום לאַנד און צום יידישן גלויבן איז געווען שטאַרקער און זיי האָבן דעם באַפעל אויסגעפאָלגט.

מיט דער הילף פון עזרא הסופר און פון אַנדערע סופרים זיינען געעפנט געוואָרן שולן פאַר גרויס און קליין צו לערנען אַלעמען לייענען און שרייבן העברעאיש.

נחמיה האָט זיך גענומען באַפעסטיקן די שטאָט ירושלים קעגן אָנפאַלן פון אַרומיקע פעלקער. ער האָט צוליב דעם אויסגעבויט שטאַרקע מויערן אַרום דער שטאָט. ביים בויען די מויער־וואַנט האָבן די יידן זיך געמוזט פאַרטיידיקן קעגן זייערע שונאים. אין דעם ספר „נחמיה" ווערט באַשריבן, ווי די בויער פון דער וואַנט האָבן מיט איין האַנט געטאָן זייער אַרבעט און אין דער אַנדערער געהאַלטן די וואָפן. ביינאַכט האָט מען אָוועקגעשטעלט וועכטער אַכטונג צו געבן, אַז די שונאים זאָלן ניט צעשטערן די אַרבעט פון בייטאָג.

דער צווייטער בית המקדש איז פאַרענדיקט געוואָרן און ירו־שלים איז ווידער געוואָרן די הייליקע שטאָט.

אין עזרא הסופרים צייט זיינען צונויפגעזאַמלט געוואָרן אַלע הייליקע ספרים, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפונען ביי יידן. קיין דרוקערייען זיינען נאָך ניט געווען און די ספרים פלעגט מען איבערשרייבן מיט דער האַנט. ביים איבערשרייבן זיינען אָפט געמאַכט געוואָרן גרייזן. די סופרים האָבן די גרייזן פאַרריכט און האָבן צונויפגעשטעלט אַלע הייליקע ספרים אין אַ באַשטימטער אָרדענונג. די זאַמלונג פון אַלע הייליקע ספרים הייסט תנ"ך.

דאָס וואָרט „תנ"ך" איז אַ פאַרקירצונג פון דריי ווערטער: תורה, נביאים און כתובים.

די „תורה" באַשטייט פון פינף ספרים: בראשית, שמות, ויקרא, במדבר און דברים. אין זיי ווערט דערציילט פון דער באַשאַפונג פון דער וועלט ביז דער צייט, ווען משה איז געשטאָרבן.

„נביאים" הייסן די ניינצן ספרים, וואו עס ווערט דערציילט די געשיכטע פון יידישן פאָלק פון דער צייט, וואָס עס האָט זיך באַזעצט אין כנען ביז גלות בבל. אין פופצן פון די ספרים זיינען פאַרשריבן די רייד פון די נביאים: ישעיה, ירמיה, יחזקאל, עמוס און אַנדערע.

## יידישע געשיכטע העפטן

„כתובים" זיינען פאַרשיידענע אַנדערע ספרים מיט אַ היסטאָ־ רישן און רעליגיעזן אינהאַלט.

29

# מגילת אסתר

אין איין ספר פון די „כתובים," אין דער מגילת אסתר, ווערט דערציילט, ווי אַזוי דאָס יידישע פאָלק אין פערסיע איז איינמאָל געראַטעוועט געוואָרן פון אַ בייזן שונא, המן.

דער פערסישער קעניג, אחשוורוש, האָט חתונה געהאַט מיט אַ יידיש מיידל, אסתר. אחשוורוש האָט געהאַט אַ מיניסטער, המן. המן האָט פיינט געקראָגן אסתרס פעטער, מרדכי, ווייל מרדכי האָט אים ניט אָפּגעגעבן קיין כבוד. האָט ער דערפאַר באַשלאָסן אומ־ צוברענגען ניט נאָר מרדכין אַליין, נאָר אַלע יידן, וואָס האָבן גע־ לעבט אין פערסיע.

המן האָט איינגערעדט דעם קעניג, אַז די יידן זיינען אַ פרעמד פאָלק, וואָס פירט זיך אויף אַנדערש און וואָס היט ניט די געזעצן פון לאַנד. דער קעניג האָט געגעבן המנען די דערלויבעניש אויס־ צוהרגענען אַלע יידן.

המן האָט אויפגעשטעלט אַ תליה אויפצוהענגען מרדכין און האָט אויך באַשטימט דעם טאָג, ווען אַלע פערסיער זאָלן באַפאַלן די יידן און ניט איבערלאָזן קיין לעבעדיקן צווישן זיי.

די מלכה אסתר האָט אָבער ניט פאַרגעסן איר פאָלק. אויף איר בקשה האָט אחשוורוש צוריקגערופן המנס באַפעל. דער רשע המן איז אויפגעהאַנגען געוואָרן אויף דער תליה, וואָס ער האָט צוגעגרייט פאַר מרדכין, און מרדכי איז געוואָרן מיניסטער אויף זיין אָרט.

אין אָנדענק פון דער פאַסירונג איז ביי אונדז פאַרבליבן דער יום־טוב פורים. עס איז אַ פריילעכער יום־טוב. מע שיקט זיך שלח־ מנות, מע מאַכט פאַרשטעלונגען, אין וועלכע עס נעמען אָנטייל די העלדן פון דער מגילה, און מע ווינטשט זיך, אַז אַלע יידישע שונאים זאָלן האָבן אַזאַ מפּלה, ווי עס האָט געהאַט דער המן פון „מגילת אסתר."

# עקזאַמען־בויגן

I. פאַרענדיק די ווייטערדיקע זאַצן.

א) ..................... האָט פאַרשקלאַפט די יידן אין מצרים. ................
האָט זיי באַפרייט פון שקלאַפעריי.

ב) אויפן וועג פון מצרים האָבן די יידן אַרומגעוואַנדערט אין............
דאָרט אויפן באַרג סיני האָבן זיי באַקומען די ............

ג) אין כנען פלעגן די .......................... אָפט אָנפאַלן אויף די יידן.
דערפאַר האָבן די יידן זיך געווענדט צו ..................................
אַז ער זאָל פאַר זיי אויסקלייבן אַ קעניג.

ד) דער ערשטער יידישער מלך איז געווען ................... נאָך אים
איז געוואָרן מלך ..................

ה) שלמה המלך האָט אויסגעבויט דעם ......................... אין דער
שטאָט ........................

ו) די יידישע מלוכה איז צעשפּאָלטן געוואָרן אויף צוויי באַזונדערע
מלוכות נאָך דעם טויט פון ............................. ווייל ער האָט
.................................................................................................
.................................................................................................

ז) די צוויי מלוכות, אויף וועלכע די יידישע מלוכה איז צעשפּאָלטן
געוואָרן, האָבן געהייסן: 1) ...................... און 2) .................

ח) ירבעם בן נבט איז געווען דער מלך פון מלכות ............... און
רחבעם איז געווען דער מלך פון מלכות ....................

ט) דער מלך .................. און זיין ווייב איזבל האָבן אייגעפירט
אין מלכות ישראל דאָס דינען צום גאָט ................

י) עמוס איז געווען אַ ............. וואָס האָט גערעדט קעגן ..............
.................................................................................................

יא) שומרון איז געווען די הויפטשטאָט פון ........................

יב) ישעיה הנביא האָט געלעבט אין מלכות ........................ ער
האָט גערעדט וועגן אַ צייט, ווען עס וועט הערשן אויף דער
וועלט ........................

יג) ירמיה איז געווען אַ ........................... וואָס איז געווען קעגן
מלחמה מיט .................

יד) ................. האָט איינגענומען מלכות יהודה און האָט פאַר־
ברענט דעם ..............................

טו) תשעה באָב איז אַ טאָג פון .............................. אין אָנדענק
פון דעם ..............................

II. פּאַס צו די נומערן פון לינקס צו די זאַצן פון רעכטס:

( ) דער פאָטער פון יידישן פאָלק. — 1. ירדן.
( ) אַ קעניג, וואָס איז באַוואוסט מיט זיין חכמה. — 2. רחבעם.
( ) אַ שטאַרקער שופט ביי יידן. — 3. אברהם.
( ) אַ טייך אין ארץ ישראל. — 4. שלמה.
( ) שלמה המלכס זון. — 5. שמשון.
( ) לעצטער יידישער מלך פון מלכות יהודה. — 6. ירושלים.
( ) האָט באַקעמפט דעם גאָט בעל אין מלכות ישראל. — 7. צדקיהו.
( ) די הויפּט־שטאָט פון מלכות יהודה. — 8. נבוכדנצר.
( ) האָט איינגענומען מלכות ישראל. — 9. אליהו הנביא.
( ) אַ קעניג פון בבל. — 10. אשור.

III. ענטפער „יאָ" אָדער „ניין" אויף די וויטערדיקע:

............... ארץ ישראל האָט אַמאָל געהייסן כנען.
............... די ערשטע יידן האָבן אַמאָל געלעבט אין גרויסע שטעט.
............... משה האָט אַריינגעפירט די יידן אין כנען.
............... יהושע בן נון איז געווען אַ קעניג אין מצרים.
............... אַ שבט האָט געמיינט אַ ריכטער און אַ פירער ביי יידן.

IV. דערקלער וואָס מיינען די פאָלגנדיקע ווערטער:

א) חורבן ..............................................................................
ב) גלות ..............................................................................
ג) שופט ..............................................................................
ד) בית המקדש ......................................................................
ה) מלך ..............................................................................

א

**אברהם** (אַווראַהאַם)
**אבינו** (אָווינו) — אונדזער פֿאָטער
**אבות** (אָוועס) — עלטערן
**ארץ ישראל** (ערעץ ייסראָאייל)
**אליעזר** (עליעזער)
**אהרן** (אַרן)
**ארון** (אָרן) — דער הייליקער קאַסטן
**אליהו** (עלייאָהו)
**אחאָב** (אַכאָוו)
**איזבל** (איזעוול)
**אָב** (אָוו)
**אחשורוש** (אַכאַשווירעש)

ב

**בני ישראל** (בנייי ייסראָאייל)
**ברק** (באַראַק)
**בית המקדש** (ביים האַמיקדעש)
**בת־שבע** (באַס־שעווע)
**בית־אל** (ביים־איל)
**בית־דוד** (ביים־דאָוויד)
**בבל** (באָוול)
**בראשית** (בעריישים)
**במדבר** (באַמידבאָר)

ג

**גושן** (גוישען)
**גדעון** (גידאוין)
**גלית** (גאָליעס)
**גלות** (גאָלעס)

ד

**דבורה הנביאה** (דוואָוירע האַנעוויע)
**דוד** (דאָוויד)
**דן** (דאָן)
**דברים** (דוואָרים)

ה

**המן** (האָמען)

ו

**ויקרא** (וואַייקראָ)

ח

**חורבן** (כורבן)

י

**יצחק** (ייצכאָק)
**יעקב** (יאַנקעוו)
**יוסף** (יויסעף)
**ישמעאלים** (יישמאָאיילים)
**יוכבד** (יויכעוועד)
**ים־סוף** (יאַם־סוף)
**יהוה** (יאָווע)
**יהושע** (יעהוישוא)
**ירדן** (יאַרדן)
**יהונתן** (יעהוינאָסאָן)
**ירושלים** (יערושאָלאַאים)
**ירבעם בן נבט** (יעראָוואַם בען נעוואַט)
**ישעיה** (יעשאַיע)
**יאשיהו** (יושייאָהו)
**יהויקים** (יעהויאָקים)
**ירמיה** (יערמיע)
**יחזקאל** (יעכעזקל)

כ

כנען (קענאַאַן)
כרמל (קאַרמל)
כוהנים (קויהאַנים)
כוס של אליהו (כאָס שעל עלייאָהו)
כורש (קוירעש)
כתובים (קסואווים)

ל

לוחות (לוכעס)

מ

מדבר (מידבער)
מצרים (מיצראַאים)
מרים (מיריאָם)
משה (מוישע)
מן (מאַן)
מתן תורה (מאַטן טוירע)
מנהגים (מינהאָגים)
מלכים (מעלאָכים)
מלכות יהודה (מאַלכעס יעהודע)
מגילת אסתר (מעגילאַס עסטער)
מרדכי (מאָרדכע)

נ

נביא (נאָווי)
נתן (נאָסן)
נבוות (נאָוועס)
נבואה (נעוואוע)
נבוכדנצר (נעוואוכאַדנעצער)
נחמיה (נעכעמיע)

ס

סיני (סינאַי)
ספר (סייפער)
סופרים (סאָפרים)

ע

עברים (איוורים)
עשו (אייסעוו)
עגל (אייגל)
עמרי (אָמרי)
עמוס (אָמאָס)
עזרא הסופר (עזרע האַסויפער)
עשרת הדברות (אַסערעס האַדיבערעס)

פ

פרעה (פאַרע)
פלישתים (פעלישטים)

צ

צדקיהו (צידקייאָהו)

ק

קרבנות (קאָרבאָנעס)

ר

רבנו (ראַביינו)
רחבעם (רעכאָוואָם)

ש

שבט (שייוועט)
שרה (סאָרע)
שני למלך (שייני לעמיילעך)
שבטים (שוואָטים)
שופט (שויפעט)
שופטים (שאָפטים)
שמשון הגבור (שימשען
האַגיבער)
שאול (שאָעל)
שלמה (שלוימע)
שכם (שכעם)
שומרון (שוימרען)
שמות (שעמאָס)
שלח מנות (שאלעך מאָנעס)

ת

תרח (טערעך)
תהילים (טילים)
תשעה באָב (טישע בעאָוו)

# קאטאלאג פון קינדער ביכער

## פון

# פארלאג „מתנות"

◆

פארבלאנדזשעט, פון יעקב קרעפליאק, אילוסט. — אהרן גודלמאן — .30
מוראשקעס, פון חיים גאלדבלום, אילוסט. — אהרן גודלמאן — — — .25
יינגעלע רינגעלע, פון לעאן עלבע, אילוסט.—אהרן גודלמאן, 3טע אויפל. 2.50
שמערל נאר, פון שלמה סיימאן, אילוסט. — א. גודלמאן (3טע אויפל.) — 1.50
דאס קלוגע שניידערל, פון ש. סיימאן, אילוסט. — י. פרידלענדער
(2טע אויפלאגע) — — — — — — — — — — — — — — 1.50
דאס טעלערל פון הימל, פון אלעף כץ, אילוסט. — יאסל קאטלער — .25
אדאס לידערבוך, פון אפרים אויערבאך, אילוסט. — העניך גליצנשטיין 1.00
קינדער יארן פון יידישע שרייבער, בוך 1, פון שלמה סיימאן — — — 1.25
קינדער יארן פון יידישע שרייבער, בוך 2, פון שלמה סיימאן — — — 2.00
יהושוע און שופטים, איבערגעזעצט, צוזאמענגעשטעלט פון שלמה סיימאן 1.50
טאלי און טאבי, פון י. מעצקער, אילוסט. — י. פרידלענדער — — — 1.50
ראבערטס ווענטורעס, פון שלמה סיימאן, אילוסט. — נ. קאזלאווסקי — 1.50
די דריי בארימער, פון דוד ראדין, אילוסט. — יצחק ליכטענשטיין — 1.50
וואונדער מעשות פון זשיאן באטיסטא באסילע, באארבעט אויף יידיש
פון יצחק האראוויץ — אילוסטרירט — — — — — — — — — 1.25
געשיכטע העפטן. 3 ביכלעך פארן 1־טן, 2־טן און 3־טן לערניאר
פון י. מ. גודלמאן, 4־טע אויפלאגע — צו — — — — — — .40
חומש פאר קינדער, לויט יהואש, פון שלמה סיימאן (3טע אויפלאגע) — 1.50
אלעף אורעמל, פון דוד ראדין, אילוסט. — ראבערט סטיד — — — 1.00
מאטל פייסי דעם חזנס, פון שלום עליכם, פארקירצט: י. זילבערבערג 2.00
קידוש השם, פון שלום אש — — — — — — — — — — — — 2.00
געבונדענע יארגענג קינדער זשורנאל, שיין און שטארק געבונדן
פער באנד — — — — — — — — — — — — — — — — 2.50
דער אנהייבער, לערנבוך, פון דוד ברידזשער, אילוסט.—נ. קאזלאווסקי
10טע אויפלאגע — — — — — — — — — — — — — — 1.25
ארבעטס־בוך צום אנהייבער, דוד ברידזשער, אילוסט. מ. וויינער
6טע אויפלאגע — — — — — — — — — — — — — — .50
גאטס באשעפענישן, י. מעצקער, אילוסט. חיים גראס — — — — — 3.00
אונטערן טייטלבוים, לעווין קיפניס, אילוסט. איזא — — — — — — 2.75

FARLAG MATONES, 41 Union Square, New York 3, N. Y.